GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX. No. 6 | Jersey City, N. J., June, 1938 | Price: 10 Cents

## דער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אין מינעאפאליס

די לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל אין מינעאפאליס האבן פולשטענדיג פארדינט, אז די גענעראל עקזעקוטיווע פון זייער מוטער ארגאניזאציע זאל קומען צו זיי און אפהאלטען אין זייער שטאט איר פערטעל־יערליכען מיטינג. עס איז פאר דער גענעראל עקזעקוטיווע געווען א פרייד צו זעהן וואס פאר א שעהנע ארגאניזאציע די מיידלעך און די פרויען פון די דרעס שעפער אין דער צווילינג שטאדט מינעאפאליס און סיינט פאול האבן אויסגעבויט.

עס איז אפשר געווען א ביסעל צו ווייט צו פארען, אבער עס איז געווען ווערט צו זעהן ווי אזוי עס קוקט אויס און ווי אזוי עס פירט זיך אן ארגאניזאציע פון דער אינטערנעשאנעל, וואס איז אין גאנצען אמעריקאניש.

מיר האבן זיך שוין לאנג צוגעוואוינט צו באטראכטען די אינטערנעשאנעל פאר אן אמעריקאניזירטער יוניאן, אבער עכט אמעריקאנישע טיילען אין דער אינטערנעשאנעל, ווי מיר האבן זיי געזעהן אין מינאפאליס, קוקען אויס אין אונזערע אויגען נאך אלץ ווי עפעס גאנץ ניי, מען קען אפילו זאגען טשיקאווע.

עס איז אמת, אז אט די עכט אמעריקאנער יוניאנס עקזיסטירען שוין ביי אונז ארום פינף יאר צייט, אבער עס שיינט, אז עס איז נויטיג מער צייט זיך צוצוגעוואוינען פולשטענדיג צום געדאנק, אז די אינטערנעשאנעל האט זיך אין גאנצען געביטען פון דעם, וואס זי איז געוועזען א מאל. און דאס איז אפשר אויך נאטירליך. מיר זיינען אזוי פיל יארען געווען איינגעוואוינט מיט דעם געדאנק, אז די אינטערנעשאנעל איז א אידישע יוניאן און אז די „שיקסעס” קען מען ניט ארגאניזירען און מען קען אויף זיי ניט האפען, אז זיי וועלען זיך האלטען אין דער יוניאן, איז פלוצלונג אזא איבערקערעניש! די אינטערנעשאנעל איז היינט צו איר גרעסטען טייל א יוניאן פון „שיקסעס” און גאר א גרויסער טייל פון זיי זיינען ניט גאר אליין געבוירען אין אמעריקע, נאר אויך זייערע עלטערען זיינען אמעריקאנער געבוירענע. און וואונדער איבער וואונדער: די „שיקסעס” ווייסען ווי צו פירען א יוניאן און ווי איר איינצוהאלטען!

די ארגאניזאציע פון דער אינטערנעשאנעל אין מינעאפאליס און סיינט פאול איז איינע פון די, וואס מען פלעגט רופען „ג. ר. א. בייביס”, וועלכע זיינען געבוירען געווארען מיט קנאפע פינף יאר צוריק און אין וועמעס לאנג לעבען מען האט ווייניג געגלויבט, בפרט נאכדעם ווי די ג. ר. א. איז אפגעשאפט געווארען. עס איז דא ניט וויכטיג צו ערקלערען פון וואנען אט דער פעסימיסטישער בליק האט זיך גענומען. עס איז פיל וויכטיגער אונטערצושטרייכען דעם פאקט, אז ניט בלויז איז די פעסימיסטישע נביאות ניט אויף דאס מינדעסטע מקוים געווארען, נאר אז די ווירקליכקייט האט אריבערגעשטיגען די געוואגטסטע אפטימיסטישע פארויסזאגונג. די ארגאניזאציע אין מינעאפאליס איז א טייל פון אט דער ווירקליכקייט. אין דער צווילינג שטאט זיינען איצט פאראן זיבען לאקאלס, גוט ארגאניזירט און גוט פארוואלטעט מיט א טרייער, דיסציפלינירטער מיטגלידערשאפט, וואס קען זיין א שטאלץ פאר יעדער יוניאן.

---

דער מיטינג האט געהאט פאר זיך א גאנצע רייה וויכטיגע פראגען צו פארהאנדלען. גענוג צו דערמאנען בלויז עטליכע: „סי. אי. א.”, „אווערלעפינג”, „אוט אוו טאון”, „גרופען און קלובס”, „אמעריקען לייבאר פארטי” און איבעריג צו דערמאנען דעם אויספירליכען באריכט פון דעם פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל וועגען דעם ארגאניזאציאנעלען און פינאנציעלען צושטאנד פון דער יוניאן.

דער פרעזידענט האט ליידער ניט געקאנט באריכטען וועגען גוטע סעזאנען אין די אינדוסטריעס וואס די אינטערנעשאנעל קאנטראלירט, אבער דערפאר זיינען געווען באזונדערס דערפרייענד די ציפער, וואס ער האט געגעבען וועגען דעם ארגאניזאציאנעלען און פינאנציעלען צושטאנד פון דער אינטערנעשאנעל.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די צייט איז לעצטענס געווען אזא שלעכטע פאר דער פרויען־באקליידונגס אינדוסטריע, וואס די אינטערנעשאנעל קאנטראלירט, איז דאך די מיטגלידערשאפט פון דער יוניאן ניט פארקלענערט געווארען און אירע פינאנסען געפינען זיך אין א גלענצענדען צושטאנד. דערביי דארף באמערקט ווערען, אז אין דעם לעצטען יאר איז עס דער אינטערנעשאנאל אויסגעקומען צו פירען אין איניגע ערטער גאנץ קאסטבארע סטרייקס.

די אינטערנעשאנעל האט אין דער לעצטער צייט באנייט א גאנצע רייה אגרימענטס אין פארשידענע שטעט און אין פארשידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע און אין מערערע ערטער מיט באדייטענדע פארבעסערונגען פאר די ארבייטער.

דאס אלץ באווייזט ווי פעסט און ווי איינפלוסרייך די אינטערנעשאנאל איז.

---

די וואס האבן דערווארט צו הערען פון דעם מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיוו עפעס סענסאציאנעלעס וועגען דער ווייטערדיגער באציאונג פון דער אינטערנעשאנעל צו דער סי. אי. א., זיינען זיכער אנטוישט געווארען. עס איז אין דעם באשלוס, וואס די גענעראל עקזעקוטיווע האט אנגענומען, ניטא קיין שום סענסאציע, ווייל פארלויפיג בלייבט אלץ ווי געווען, אבער דערפאר איז דער באשלוס דורך און דורך א קאנסטרוקטיווער, ווייל ער מאכט מעגליך צו פארשטארקען די ווירקונג פון די באמיהונגען צו שאפען איינציגקייט אין די רייהען פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל האט אויף זיך גענומען די גרויסע אויפגאבע צו שאפען שלום צווישען דער סי. אי. א. און דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר און ער וויל זיך פון איר ניט אפזאגען ווי גרויס עס זאלען ניט זיין די שוועריגקייטען וואס ער באגעגנט אין זיין וועג. ער האפט, און צוזאמען מיט אים די גאנצע אינטערנעשאנעל, אז ענדליך וועט זיך אים איינגעבען צו דערפירען זיין גרויסע מיסיע צו דעם געווינשטען ערפאלג. און דאס איז אויך דער צוועק פון דער רעזאלוציע, וואס די גענעראל עקזעקוטיווע האט אנגענומען.

די רעזאלוציע דריקט אויס אנערקענונג צו פרעזידענט דובינסקי פאר זיין מוטיגער און אויסגעהאלטענער שטעלונג אין דעם שטרייט צווישען דער סי. אי. א. און א. פ. אוו ל. און הייסט גוט אהן וועלכע עס איז רעזערוואציעס זיינע האנדלונגען. זי דריקט דערביי אויך אויס איהר טיפסטען באדויערען, וואס עס איז נאך ביז איצט ניט געלונגען צו שאפען די געווינשטע איינציגקייט אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג און זי זאגט:

די טראדיציעס, די פרינציפען און די טאקטיק פון דער אינטערנעשאנעל זיינען אלע מאל געווען געגען שפאלטונגען אין דער ארבייטער באוועגונג און געגען דואל יוניאנס. און איצט מער ווי ווען עס איז פריהער זיינען מיר איבערצייגט, אז ארבייטער איינציגקייט איז א לעבענס־נויטווענדיגקייט ניט בלויז פאר דער טרעיד יוניאן באוועגונג, נאר איז אויך אין די אינטערעסען פאר דעם וואוילזיין פון גאנצען לאנד.

די ערפאהרונגען פון דעם פארגאנגענעם יאהר, סאי אויף דעם פאליטישען און סאי אויף דעם עקאנאמישען געביט, די אומצעהליגע פארזוכען פון די באלעבאטים צו שניידען דעם ארבייטס־לוין פארלענגערען די ארבייטס־שטונדען און בכלל צו פארערגערען די ארבייטס־באדינגונגען אין די שעפער, ווי אויך די פאראייניגונג פון אלע רעאקציאנערע עלעמענטען צו באקעמפען פראגרעסיווע געזעצגעבונג — דאס אלץ דארף דינען אלס דער שטארקסטער באווייז, אז ארבייטער־איינציגקייט און סאלידאריטעט איז אומגעהויער וויכטיג און שטייגט ווייט אריבער אלע אנדערע פראגען, וואס שטעהען איצט פאר די אמעריקאנער ארבייטער.

די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנעל ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן איז דעריבער טיף איבערצייגט, אז עס איז איהר הייליגע פליכט, ניט קוקענדיג אויף אלע שטרויכלונגען, שטערונגען און אנטוישונגען, פארטצוזעצען איהרע באמיהונגען צו געפינען א מעגליכקייט, וואס וועט פיהרען צו א פאראייניגטער ארבייטער באוועגונג.

פאר דעם צוועק באשטימט די דזשענעראל באארד א קאמיטע פון דריי, באשטעהענד פון לואידזשי אנטאניני, איזידאר נאגלער און דזשוליוס האכמאן צו טאן אלעס מעגליכעס אין דער ריכטונג, אז די שלום קאנפערענצען צווישען דער סי. אי. א. און דער א. פ. או ל. זאלען צוריק אנגעפאנגען ווערען.

און עס איז געווען לאגיש און א גוטע טאקטיק פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אפצולייגען איר באשלוס וועגען באטייליגען זיך אין א קאנווענשאן אויף וועלכער די סי אי. א. וועט זיך פארמירען אין א פערמאנענטער ארגאניזאציע אלס אן אפאזיציע צו דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר. פארלויפיג האט נאך די סי. אי. א. ניט ארויסגעלאזען קיין רוף צו אזא קאנווענשאן און ווען מען רעדט וועגען פרידען דארף מען ניט נעמען קיין שריט פאר מלחמה. עס איז בעסער צו גלויבען, אז די סי. אי. א. וועט אזא קאנווענשאן ניט האלטען. און אויב יא, וועט דאך די גענעראל עקזעקוטיווע האבען צייט די פראגע צו פארהאנדלען, ווען דער רוף צו א קאנווענשאן וועט ארויסגעגעבען ווערען. די ראלע פון דער אינטערנעשאנעל און אירע באמיהונגען פאר פרידען וועט זיין שטארקער ווען זי בלייבט אין איר אלטער פאזיציע, און לאמיר האפען, אז זי וועט די גרויסע מיסיע, וואס זי האט אויף זיך גענומען, דערפירען צו איר ענדליכען ערפאלג.

---

די פראגע פון „אווערלעפינג” האט פארנומען א גאנץ באדייטענדען טייל פון דער צייט פון די זיצונגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע. עס האט זיך דעמאלט הויפטזעכליך געהאנדעלט וועגען קלאוקס, וואס ווערען געמאכט אין דרעס שעפער. אבער אויב פון דער לאנגער און טיילווייז גאנץ היציגער דיסקוסיע צווישען די פארטרעטער פון דער קלאוקמאכער יוניאן און די פארטרעטער פון דער דרעסמאכער יוניאן איז די שטרייט־פראגע פיל קלענער געווארען, איז זי אבער דאך ניט אין גאנצען געלעזט געווארען. עס וועט אפשר קלינגען קאמיש ווען עס וועט געזאגט ווערען, אז א באזונדערע שוועריגקייט צו לעזען די פראגע האט זיך ארויסגעוויזען אין דעם, אז מען ווייס ניט קלאר וואס עס איז היינט קלאוקס. די פרויען קליידער האבן זיך נעמליך אזוי געענדערט, אז עס איז געווארען א גאנצע צומישעניש וואס עס באלאנגט צו דרעסעס און וואס צו קלאוקס. מען דארף זיך איינפאך ווענדען צו אן עקספערט, אז ער זאל באשטימען וואס איז קלאוקס.

ניט פיל מזל'דיגער איז געווען די „אוט אוו טאון” פראגע. אויך זי האט ניט געקענט קריגען קיין פולען ענטפער. דאס מאל האט עס זיך געהאנדעלט ניט וועגען אוט אוו טאון קלאוקס, נאר וועגען דרעסעס. נאר די פראגע איז דיזעלבע: עס איז די פראגע פון קאנקורענץ פון ארבייטס פרייזען און ארבייטס־באדינגונגען. עס איז געווען א לאנגע און א באלערנדע דיסקוסיע, אבער טאקע פון איר האט מען געקענט זעהן, אז עס האנדעלט זיך ניט בלויז אויף וועמענס זייט עס איז די גערעכטיגקייט, נאר ווי אזוי מאכט מען, אז די גערעכטיגקייט זאל קענען דורכגעפירט ווערען אין לעבען, ווען

# דרעסמאכער, קלאוק אפערייטארס און ניט־גודס מאכער ארגאנזירען געמיינשאפטליכע מאי־פייערונג

## לאקאלס 22, 117 און 155 וועלען פייערען ערשטען מאי מיט קאנצערט און אפערא. — פייערונג וועט פארקומען שבת אווענט אין היפאדראם. — פרעזידענט דובינסקי און דער שפאנישער אמבאסאדאר צווישען די רעדנער.

דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער יום טוב, דער ערשטער מאי, וועט היי־יאר געפייערט ווערען פון די מיטגלידער פון דריי לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל בשותפות דורך אן אויסערגעוויינליך רייכען קאנצערט און אפערא פארשטעלונג. די דריי לאקאלס זיינען די דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22; די קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117 און די ניט־גודס מאכער יוניאן לאקאל 155. די פייערונג וועט פארקומען שבת אווענט, דעם 30טען אפריל, אין היפאדראם, זעקסטע עוועניו און 43טע סטריט.

די הויפט רעדנער ביי דער פייערונג וועלען זיין פרעזידענט דובינסקי פון דער אינטערנעשאנאל און דער אמבאסאדאר פון דער שפאנישער רעפובליק אין אמעריקא, פערנאנדא דע לאס ריאס.

דער מוזיקאלישער פראגראם וועט באשטיין פון צוויי טיילען. דער ערשטער טייל וועט באשטיין פון פינף נומערען אין וועלכע עס וועלען זיך באטייליגען בארימטע אפערא און קאנצערט סטארס אין באגלייטונג פון דעם פולען היפאדראם אפערא ארקעסטער אונטער דער לייטונג פון דזשיוזעפי באמאשעק. דער צווייטער טייל פון דער פראגראם וועט באשטיין פון דער פאפולערער אפערא „פאגליאטשי".

רעזערווירטע טיקעטס קען מען שוין קריגען אין יעדען פון די דריי אפיסעס פון די לאקאלס. ווייטערע איינצעלהייטען וועגען דער פראגראם וועלען אין גיכען אנאנסירט ווערען.

### לידיס טיילארס לאקאל 38 פייערט 1טען מאי מיט באנקעט און קאנצערט

די לידיס טיילארס און קאסטאם דרעסמאכערס יוניאן לאקאל 38 וועט פייערען דעם 1טען מאי מיט א באנקעט, קאנצערט און דאנס שבת אווענט, דעם 30טען אפריל, אין סענטראל פלאזא, צווייטע עוועניו און זיבעטע סטריט. ווי י. דזשייקאב, מענעדזשער פון לאקאל, מעלדעט, האט די יוניאן ארויסגעשיקט א רוף צו די מיטגלידער צו באזארגען זיך מיט טיקעטס וועלכע זיי קענען קריגען פון זייערע שאפ טשערלייט און טשער־לידיס. דער לאקאל האט אויך איינגעלאדען פארטרעטער פון שוועסטער־לאקאלען און עהרען־געסט.

---

## כללים וועגען ארבייטסלאזען פארזיכערונגס בענעפיט

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל בעט אונז צו פארעפענטליכען פאלגענדע אינפארמאציע פאר די מיטגלידער וועגען דעם ארבייטסלאזען בענעפיט צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיקט אונטער דעם ניו יארק סטעיט געזעץ:

1) פאר אלע פראגען און שוועריגקייטען אין שייכות מיט אייער ארבייטסלאזען בענעפיט, ווי אויסצופילען אפליקיישאנס, ווען איר קריגט ניט קיין ענטפער אין צייט, ווען איר דענקט אז איר האט געקראגען ווייניגער בענעפיט ווי די צו וועלכע איר זייט בארעכטיגט, און ענליכע שוועריגקייטען, גייט אריין אין אפיס פון אייער לאקאל יוניאן. דארט וועט מען פאר אייך טאן אלץ וואס מעגליך צו באשיצען אייער רעכט.

דער געזעץ וועגען ארבייטסלאזען בענעפיט אין ניו יארק סטעיט איז געענדערט געווארען אין פאלגענדע פונקטען:

1) אויב איר האט ארויסגעצויגען דעם גאנצען בענעפיט, צו וועלכען איר זייט געווען בארעכטיגט פאר דעם ערשטען אפריל, מאכט גלייך א נייעם אפליקיישאן פאר ארבייטסלאזען בענעפיט. איר זייט איצט בארעכטיגט צו נאך בענעפיט אויב איר זייט ארבייטסלאז.

2) אויב אן ארבייטער האט געקראגען בלויז 5 וואכען בענעפיט אדער ווייניגער, פאר דעם ערשטען אפריל, וועט די געלד ניט גערעכענט ווערען ביים אויסרעכענען די סומע צו וועלכער ער איז בארעכטיגט פאר דעם יאר 1938. אויב ער האט געקראגען מער ווי 5 וואכען בענעפיט, וועט די סומע וואס ער האט געקראגען מער, ארונטערגערעכענט ווערען פון היי־יאריגע בענעפיט, צו וועלכע ער איז בארעכטיגט.

3) ביז דעם ערשטען אפריל, 1939, וועלען די בענעפיטס פאר ארבייטסלאזע בארעכענט ווערען אויפ'ן באזיס פון זייערע פארדינסטען אין 1937. אויב אבער אייערע פארדינסטען דורך דעם יאר זיינען געווען נידעריגער ווי די סומע וואס מאכט אייך בארעכטיגט צו בענעפיט און איר האט געארבייט דורך די ערשטע מאנאטען פון 1938, וועט איר זיין בארעכטיגט צו בענעפיט נאך דעם ערשטען יולי פון הייניגען יאר.

4) לויט דעם געזעץ דארף קיין ארבייטער ניט ווארטען מער ווי פינף וואכען, אין וועלכען עס איז יאר איידער ער קריגט בענעפיט. דער יאר וועט גערעכענט ווערען פון דעם ערשטען אפריל 1938 ביז דעם 31 מארטש, 1939. איבער דער אורזאך וועלען פילע ארבייטער, וואס האבען שוין געווארט פינף וואכען אין די ערשטע דריי מאנאטען פון הייניגעס יאר, דארפען אויף דאס ניי ווארטען פינף וואכען אין דעם נייעם יאר, אויב זיי ווערען איצט ארבייטסלאז. די אבער וואס האבען אנגעהויבען ווארטען פון דעם עלפטען מארטש אדער שפעטער, וועט זיי די צייט אריינגערעכענט ווערען אויף דער צייט פאר דעם נייעם יאר.

אן ארבייטער פרעגט:

איך האב געקראגען א טשעק, צו וועלכען איך בין ניט בארעכטיגט. וואס זאל איך טאן?

ברענגט דעם טשעק גלייך צום ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל, 3 וועסט 16טע סטריט.

אויב איר קעשט א טשעק וואס מען האט אייך געשיקט דורך א טעות, וועט איר האבען שוועריגקייטען צו קריגען בענעפיט שפעטער־צו, ווען איר וועט זיין בארעכטיגט. אויב דער טשעק איז אייך געשיקט געווארען צוליב דעם וואס איר האט ניט געגעבען ריכטיגע אינפארמאציע, קען דער סטייט אייך פארפאלגען אונטער דעם געזעץ.

ווען איר ארבייט דורך דער צייט פון אייער ווארטען, און פארדינט ניט מער ווי צוויי דאלאר, דארפט איר קיין נייעם אפליקיישאן ניט מאכען. אויב אבער איר האט פארדינט מער ווי צוויי דאלאר, מוזט איר אויסמאכען א נייעם אפליקיישאן אזוי שנעל ווי איר הערט אויף ארבייטען.

---

## רעגירונג נעמט צו שאפ פאר ניט צאלען סאשעל סעקיורעטי טעקס

די רעגירונג האט זיך באמת גענומען צו די „טשיזלער באסעס", וועלכע צאלען ניט דעם סאשעל סעקיורעטי טעקס, וואס זיי דארפען צאלען פאר זייערע ארבייטער. די רעגירונג האט פארנומען די פעקטארי פון די „אימפארט ניטוועער מילס", 105 בליקער סטריט פאר די סאשעל סעקיורעטי געלט וואס זי האט ניט איינגעצאלט און וועט דעם שאפ פארקויפען אין אוקשען אפצונעמען די געלט וואס די פירמע איז שולדיג צו דעם פאנד.

דער קאלעקטאר פון אינטערנאל רעווענו, דזשיימס דזש. הואי, האט געלאזט וויסען אז ער וועט אזוי האנדלען אין יעדען פאל וואו באסעס פארפעלען צו צאלען דעם טעקס.

איינער פון די שותפים פון דער זעלבער פירמע איז מיט דער הילף פון דער אינטערנעשאנעל, באשטראפט געווארען מיט 50 דאלער פאר ניט צאלען דעם סטעיט אנעמפלאימענט אינשורענס טעקס. די יוניאן פאדערט אויף אלע מיטגלידער צו לאזען וויסען אין אפיס פון זייער לאקאל יעדעס מאל וואס זיי ווייסען אז זייער באס צאלט ניט די סאשעל סעקיורעטי אדער דעם ארבייטסלאזען אינשורענס טעקס.

---

## אונזער טיפסטען מיטגעפיל צו גענ. צביון אויף דעם פארלוסט פון זיין לעבענס־חבר

נאך א לאנגער שווערער קראנקהייט, איז מיטוואך פרי געשטארבען אין מאונט סיני האספיטאל מרס. ראוז האפמאן, די פרוי און לעבענס באגלייטערין פון אונזער רעדאקטאר פון דער „גערעכטיגקייט", דר. ב. האפמאן (צביון).

די פארשטארבענע איז געווען א הויך־אינטעליגענטע, געבילדעטע פרוי פון דעם פיינסטען טיפ פון דער רוסיש־אידישער אינטעליגענץ.

די אנגעשטעלטע און מיטארבייטער פון דער „גערעכטיגקייט" דריקען אויס דעם טיפסטען מיטגעפיל צו גענאסע צביון און זיין טאכטער, אין דעם אומגליק וואס האט זיי געטראפען.

---

## באריכט פון „שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער קאמיטעט"

די ארבייט פון דעם שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער קאמיטעט איז פארענדיגט. כאטש די וויכטיגסטע טייל פון דער ארבייט, די מעמאריעל פארזאמלונג דעם 11טען נאוועמבער, איז שוין לאנג פאראיבער, האבען מיר מיט דעם פינאנץ באריכט געמוזט אפווארטען ביז אלע געלדער וועלען אריינקומען און מיר זיינען איצט פארטיג צו באריכטען ווי פאלגט:

אריינגעקומען פון הלוואות,ביישטייערונגען און פאר בילעטען — — — — — — — — $1025.79

אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| רענט, פארשידענע מיטינגען — | 22.00 |
| רענט, מעקא טעמפעל — — | 400.00 |
| אנדערע אויסגאבען מעקא טעמפעל (ווי רענט פאר פיאנא, סטיידזש־הענט, אמפליפייערס, דעקאראציעס א. ז. וו.) — — — | 94.25 |
| פרינטינג — — — — — — — — | 183.50 |
| פאסטיידזש — — — — — — | 34.85 |
| אנאנסען — — — — — — — | 70.71 |
| טעלעפאן, סטיישאנערי, קאר פער און אנדערע קליינע גאבען — — — — — — — — | 22.20 |
| בוק קיפינג — — — — — — — | 8.00 |
| אויסגעצאלט הלוואות — — — | 15.00 |

טאטאל — — — — — — $850.51

באלאנס — — — — — — — — — $175.28

דער באלאנס וועט די טעג אפגעשיקט ווערען צו דער קאמיטע אין שיקאגא, וועלכע פאסט אויף אויף דעם מאנומענט פון די שיקאגאר מארטירער אין וואלדהיים סעמעטערי, שיקאגא.

דער פינאנץ באריכט איז איבערגעקוקט געווארען פון אן אודיטינג קאמיטע, באשטימט ביי אן אלגעמיינעם מיטינג פון דעם שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער קאמיטעט.

מיר בעטען די סעקרעטארען וואס באמערקען דעם באריכט, אז זיי זאלען אזוי גוט זיין פארלייענען ביי זייערע מיטינגען, אויב זייער ארגאניזאציע האט עפעס געהאט צו טאן מיט דער ארבייט פון דעם קאמיטעט פאר די שיקאגאר היי־מארקעט מארטירער.

ניו יארק, שיקאגא היימארקעט מארטירער קאמיטעט.

אודיטינג קאמיטע:

לייבוש פרומקין, י. א. אסטראף.

מ. שוסט, סעקרעטאר.

---

## ענטפערס פון דער רעדאקציע.

טש. שקאלניק. — אייער בריוו איז אן ערנסטע קלאגע אויף א שאפ־טשערמאן. אזעלכע קלאגעס דארפט איר ברענגען אין דער יוניאן. מיר קענען עס ניט פארעפענטליכען אן אונטערזוכונג.

וועט ניט געדרוקט ווערען: „קום אויפ'ן סקווער", פון מ. ב—בוים; „די וועלט און איך", פון ח. ק—מקלר, און „א שאפ בילד", פון מ. מ—רוב.

# פון צייט צו צייט

פון צביון


אנץ גלייך ווי מען זאל זיך ניט באציהען צו דער ניי־געגרינדעטער פארטיי פון די לאפאלעטס מוז מען אבער דאך צוגעבען, אז עס איז א וויכטיגע פאסירונג אין דער אמעריקאנער פאליטיק.

וואס וויל די נייע פארטיי? אויף דעם איז גאר ניט לייכט צו ענטפערען.

עס איז לייכט צו זיין איינשטימיג מיט די לאפאלעטס, אז ביידע אלטע פארטייען טויגען ניט; אבער עס איז ניט אזוי קלאר וואס די נייע פארטיי פון די לאפאלעטס וועט מיט זיך פארשטעלען. מען קען, דאכט זיך, זאגען, אז עס איז די לאפאלעטס אליין ניט קלאר, וואס זייער נייע פארטיי שטעלט מיט זיך פאר.

אין דער פראגראם־רעדע, וואס פיליפ לאפאלעט, גאווערנאר פון וויסקאנסין האט געהאלטען אויף דער גרינדונגס־פארזאמלונג פון דער נייער פארטיי, האט ער געזאגט, אז ניט דער קאפיטאליזם און ניט דער סאציאליזם געפעלט איהם. דער אלטער קאפיטאליזם האט אפגעלעבט זיין צייט, אבער דער סאציאליזם איז ניט צוגעפאסט צו דער מענשליכער נאטור. די סאציאליסטען זיינען גערעכט, האט לאפאלעט געזאגט, ווען זיי זאגען, אז די צייטען האבען זיך געביטען; אבער זיי פארגעסען, אז די מענשליכע נאטור האט זיך ניט געביטען. נאר אויב ניט קאפיטאליזם און ניט סאציאליזם, טא וואס דען? פאשיזם אדער קאמוניזם געוויס ניט, פארזיכערט לאפאלעט. די איצטיגע לאגע, זאגט ער, איז ניט פון איינעם, וואס שטעהט אויף א קרייץ־וועג און זוכט אויסצוקלייבען וועלכער פון די וועגען, וואס קרייצען זיך, איז דער ריכטיגער, נאר פון איינעם, וואס איז געקומען צום סוף פון א וועג און ער מוז ברעכען א נייעם וועג, כדי צו קענען ווייטער געהן. עס הייסט, אז אלע אלטע וועגען טויגען ניט פאר די לאפאלעטס און זיי ווילען מיט זייער נייער פארטיי ברעכען א נייעם וועג. אבער וואס איז דער נייער וועג?

די לאפאלעטס זיינען ליבעראלען, פראגרעסיווע ליבעראלען און זיי האבען א סך גוטע ווינשען, פאר וועלכע מען דארף זיי געבען אנערקענונג. די לאפאלעטס ווילען נעמליך, אז יעדערער אין אמעריקע וואס קען און וויל ארבייטען, זאל קריגען ארבייט. דאס איז זעהר א גוטער ווינש. רוזוועלט האט עס שוין געוואלט די גאנצע צייט זינט ער איז געווארען פרעזידענט. אבער ווי פארווירקליכט מען איהם?

גאווערנאר לאפאלעט האט אין זיין פראגראם־רעדע גאנץ ריכטיג אנגעוויזען, אז די טעאריע וועגען איבער־פראדוקציע איז א פאלשע. אמעריקא, האט ער געזאגט, ליידט ניט פון דעם וואס מען פראדוצירט צופיל, נאר גיכער פון דעם, וואס מען פראדוצירט צו ווייניג. מען קען ניט ריידען וועגען אן איבער־פראדוקציע, ווען עס זיינען פאראן מיליאנען מענשען, וואס האבען ניט גענוג צו עסען, דאס נויטיגע אנצוטאן, א מענשליכע דירה צו וואוינען, און פארשיידענע אנדערע מענשליכע באדערפענישען. זאל מען פרובירען באזארגען די מיליאנען נויטבאדערפטיגע מיט גענוג שפייז, מיט גענוג קליידער, שיך, אנשטענדיגע וואוינונגען און אנדערע זאכען, וואס מענשען דארפען האבען נויטיג צו לעבען, און עס וועט זיך ארויסווייזען, אז מען פראדוצירט אין אמעריקע צו ווייניג אנשטאט צו פיל. און ווען מען וועט אנפאנגען פראדוצירען אזוי פיל וויפיל מענשען אין אמעריקע קענען פארברויכען, וועלען מיליאנען מענשען, וואס געהען איצט ארום לעדיג, קריגען באשעפטיגונג.

נו, דאס איז גאנץ ריכטיג און די סאציאליסטען האבען עס געזאגט שוין א סך פריהער איידער גאווערנאר לאפאלעט האט זיך צו דעם דערטראכט. אבער ווי דענקט ער עס דורכצופירען?

גאווערנאר לאפאלעט האט אויך אנגעוויזען, אז מיליאנען ארבייטער וואלטען קריגען באשעפטיגונג, ווען מען זאל זיך נעמען איבערבויען די גאנצע סיסטעם פון די אמעריקאנער אייזענבאנען און זיי אויפשטעלען אויף א מאדערנעם און עקאנאמישען באדען. אבער אויך דאס איז קיין נייעס ניט. דער עיקר איז, ווי פירט מען עס דורך? זאל מען די אייזענבאנען נאציאנאליזירען? דאס אבער פאדערען ניט די לאפאלעטס אין זייער פראגראם. ווען עס קומט צו זאגען, וואס מען דארף טאן ווערט זייער שפראך זעהר אומקלאר.

אייגענטליך האט עס גאווערנאר לאפאלעט אליין געפיהלט. ער האט געזאגט: איך ווייס אז מענשען וועלען פרעגען: ווי קען דאס געטאן ווערען? אבער וואס העלפט עס, אז ער האט אויף דער פראגע קיין קלארען ענטפער ניט געגעבען. ער האט בלויז געקענט זאגען, אז מען דארף אנפאנגען טאן, און מען וועט שוין אויסגעפינען דעם ריכטיגען וועג ווי עס זאל געטאן ווערען. מען לערענט אין דער ארבייט, האט ער געזאגט. אט נעמט דעם אויטאמאביל, דעם עראפלאן, די ראדיא. זיי זיינען פון אנפאנג געווען ווייניג געראטען, אומגעלומפערט, אבער אין דער ארבייט האט מען זיך ענדליך אויסגעלערענט זיי צו מאכען ווי נויטיג. דאס איז אפשר א גאנץ גוטער משל אין א רעדע, אבער קיין ענטפער אויף דער פראגע איז עס ניט. עס איז גיכער זיך ארויסגעדרעהט פון אן ענטפער.

גאווערנאר לאפאלעט האט אין זיין רעדע ארויסגעזאגט א ריכטיגען געדאנק וועגען קאפיטאל. ער האט באמערקט, אז עס איז נאריש צו ריידען וועגען דעם, אז קאפיטאל האט זיך דערשראקען און האט מורא צו געהן אין נייע אונטערנעמונגען. קאפיטאל האט ניט קיין עמאציעס און קען דעריבער ניט פילען קיין מורא. קאפיטאל געהט אין נייע אונטערנעמונגען, ווען עס קען מאכען פראפיטען. ווען קאפיטאל האט א געלעגענהייט צו מאכען פראפיטען, וועט עס געהן אין נייע אונטערנעמונגען אפילו אונטער רוזוועלט'ן, און אויב קאפיטאל קען ניט מאכען קיין פראפיטען וועט עס זיך ניט רירען פון ארט אפילו אונטער הואווער'ן. עס הייסט, אז ניט רוזוועלט איז שולדיג, וואס קאפיטאל „סטרייקט". עס איז פשוט, ווייל עס קען איצט קיין פראפיטען ניט מאכען. נאר פאר וואס קען עס קיין פראפיטען ניט מאכען? עס קען ניט צוליב דעם, ענטפערט לאפאלעט, ווייל די גאנצע מאשינעריע פון קאפיטאליזם איז פארעלטערט געווארען און האט אויפגעהערט ארבייטען. עס דארף געשאפען ווערען א גאנץ נייע מאשינעריע פאר'ן קאפיטאליזם, אז ער זאל קענען ווייטער ארבייטען. אבער דא ווערט לאפאלעט ווידער אומקלאר. מען קען פון זיין רעדע ניט אויסגעפינען, ווי אזוי דער קאפיטאליזם דארף ארבייטען אז דער וואלף זאל זיין זאט און דאס ציגעלע זאל בלייבען גאנץ. ער רעדט וועגען אפשאפען אלטע חובות, וועלכע ליגען ווי א שווערע משא אויף דעם ווירטשאפטליכען לעבען פון אמעריקע, אבער אויך אין דעם איז ער אומקלאר, גאנץ באזונדערס אומקלאר.

קלאר איז איין פונקט אין לאפאלעט'ס פראגראם, און א גוטער פונקט — דאס איז די נאציאנאליזירונג פון באנק־געשעפט. און דאס איז אויך איינפאך דורכצופיהרען: דער קאנגרעס נעמט אן א געזעץ און פארטיג. און מען דארף אויך ניט האבען קיין טענות צו די לאפאלעטס, וואס זיי האבען אט דעם פונקט גענומען פון די סאציאליסטען. אין געגענטייל, הלואי וואלטען זיי גענומען מעהר פונקטען פון די סאציאליסטען. זייער פראגראם וואלט ארויסגעקומען ניט בלויז א סך פראגרעסיווער, נאר אויך א סך קלערער און ברייטער. עס איז ווייניג צו נאציאנאליזירען די באנקען. מען דארף אויך נאציאנאליזירען די אייזענבאנען און מען דארף נאציאנאליזירען א גאנצע רייע אנדערע צווייגען פון דער אמעריקאנער ווירטשאפט.

נאר דאס וואלט שוין געווען צופיל פארלאנגט פון די לאפאלעטס. עס וואלט געמיינט, אז זיי גרינדען א פארטיי, וואס קאנקורירט מיט רוזוועלט'ען אין פראגרעסיוויזם און דאס איז ניט געווען זייער אבזיכט. עס זעהט גיכער אויס, אז רוזוועלט איז פאר די לאפאלעטס צו ראדיקאל. אגב, ווען די לאפאלעטס וואלטען אפילו געדענקט, אז רוזוועלט איז פאר זיי ניט גענוג פראגרעסיוו, וואלטען זיי אויך ניט געדארפט שאפען א נייע פארטיי. איז דאך פאראן די פארם לייבאר פארטיי, וואס האט א פיל פראגרעסיווערע פראגראם ווי רוזוועלט. עס איז אמת, אז די פארם לייבאר פארטיי איז פארלויפיג בלויז א לאקאלע פארטיי פון דער מיטעל־וועסט, אט ווי די אמעריקען לייבאר פארטיי איז א לאקאלע פארטיי פון ניו יארק און אומגעגענד. אבער די נייע פארטיי פון די לאפאלעטס איז דאך פארלויפיג נאר מער א לאקאלע, ווי די פארם לייבאר פארטיי, און אויב בויען אויף האפנונגען, אז די נייע פארטיי וועט ווערען א נאציאנאלע פארטיי, קען די אמעריקען לייבאר פארטיי אדער די פארם לייבאר פארטיי האבען בעסערע האפנונגען.

עס זיינען פאראן מיינונגען, אז די נייע פארטיי פון די לאפאלעטס קען זיין ניצליך דערמיט, וואס זי וועט אפציהען די פראגרעסיווע עלעמענטען, וואס געפינען זיך נאך אין דער רעפובליקאנער פארטיי און דערמיט נאך מער אפשוואכען דעם כח פון דער אלטער פארטיי, וואס האט אזוי לאנג געדינט די אינטערעסען פון גרויס קאפיטאל. דאס מעג פון אויבען אויף אויסקוקען גאנץ לאגיש, אבער פארוואס דארף מען עס דענקען, אז גראד די לאפאלעטס האבען א חזקה אויף די פראגרעסיווע עלעמענטען פון דער רעפובליקאנער פארטיי? עס איז דאכט זיך אויך גאנץ לאגיש צו טראכטען, אז די פראגרעסיווע עלעמענטען אין דער רעפובליקאנער פארטיי קענען אויך ביי די נעקסטע וואהלען געפינען זייער וועג ווי צו שטימען פאר פראגרעסיווע קאנדידאטען, אט ווי זיי האבען עס געפונען אין די וואהלען מיט קנאפע צוויי יאר צוריק. איז דאך רוזוועלט ניט געוועהלט געווארען מיט דעמאקראטישע שטימען אליין, און זיכער האט ער דאך ניט געקענט קריגען אזא ריזיגע מאיאריטעט, ווען בלויז דעמאקראטען וואלטען געשטימט פאר אים. עס איז דאך זיכער, אז פאר אים האבען אויך געשטימט די פראגרעסיווע רעפובליקאנער.

די אונטערשטע שורה איז, אז די נייע לאפאלעט פארטיי וועט גיכער ברענגען שאדען דער פאליטישער פראגרעסיווער באוועגונג אין אמעריקא איידער נוצן.

# א תפילה

פון דוד מענעס

איך רוף צו דיר פון עקן וועלט,
איך רוף דיך שוין פון לאנג;
מיין קול פארטראגען האט דער ווינט,
די נאכט דערשטיקט מיין קלאנג.

מיין טאג גייט אויף — א גרויער טאג,
איך עפן אויף די טיר.
א! קום אהער, נעם מיין האנט,
נעם מיין האנט און פיר.

די נאכט געווען א פינסטערע,
געהאלטען מיך אין פאנג;
איך רוף צו דיר פון עקן וועלט,
איך רוף דיך שוין פון לאנג.

די פינסטערניש מאכט לאם מיין טראט,
מיין תפילה רופט דיך שטיל;
אין ברייטען פעלד א שונא וארט.
א! פיר מיך צו מיין ציל.

שיפען שווימען אין דער נאכט,
זעהען ניט דעם וועג;
קומט א פירער, פירט זיי צו,
פירט זיי צו א ברעג.

מיין שיף געבלאנדזשעט האט א סך,
שווער איז מיר דער עול;
מיך האט געפירט און ניט דערפירט
פירער אן א צאל.

איצט רוף איך דיך, נעם מיין האנט,
לאז ניט בלאנדזשען בלינד;
שלאג די קייטען פון די פיס,
פיר מיך ווי א קינד.

אין ווייטען מזרח בלייכט די נאכט,
אין דרום פליסט א שטראם;
פון יעדען אדער קוועלט מיין בלוט,
קוועלט מיין בלוט צום ים.

טא שפרייט מיין קול די פליגעל ברייט,
טראג זיך מיט'ן ווינט;
אויפ'ן פעלד דעם ברייטען
וואיען בייזע הינט.

שיפען שווימען אויפ'ן ים,
זעהען ניט קיין וועג;
קומט א פירער, פירט זיי צו,
פירט זיי צו א ברעג.

מען האט פאר זיך א סיטואציע, וואס לאזט זיך ניט אזוי לייכט קאנטראלירן.

---

עס איז געוועזן לייכט פאראויסצוזאגן, אז די גרופען און די קלובס, וואס האבען זיך אזוי איינגעווארצעלט אין מאנכע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנעל, וועלען ניט אפגעשאפט ווערן אין גאנצען דורך א רעזאלוציע פון א קאנווענשאן. יעדער האט פארשטאנען, אז נאך דעם ווי די קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי האט דורך א רעזאלוציע פארבאטען די עקזיסטענץ פון גרופען און קלובס אין די לאקאלס, וועלען די זעלביגע גרופען, וואס האבען פריהער עקזיסטירט, פראבירען פארזעצען זייער עקזיסטענץ ווייטער אונטער וועלכער עס איז מאסקע. נאר די גענעראל עקזעקוטיווע האט געמוזט אננעמען, אז די מיטגלידער וועלען פאלגען דעם באשלוס פון דער קאנווענשאן און זי האט געהאפט אז אזוי וועט זיין ביז זי האט זיך איבערצייגט, אז איר האפנונג איז ניט פארווירקליכט געווארען און אז זי מוז דעריבער אננעמען מיטלען דעם באשלוס פון דער קאנווענשאן דורכצופירען. די רעזאלוציע, וואס די גענעראל עקזעקוטיוו האט אנגענומען איז אזוי קלאר און באשטימט, אז מען קען מער דעם באשלוס פון דער קאנווענשאן ניט אפנארען אונטער קיין מאסקע.

⁂

## דער יובילײ פון לאקאל 35 קלאוק פרעסערס יוניאן

די קלאוק פרעסערס יוניאן, לאקאל 35 פון דער אינטערנעשאנאל פייערט א דרייפאכיגען יובילײ. עס איז 35 יאהר ווי לאקאל 35 איז געגרינדעט געווארען; עס איז 25 יאר ווי דער אונטערשטיצונגס־פאנד פון לאקאל 35 איז געשאפען געווארען און עס איז 25 יאר ווי דזשאזעף ברעסלאו איז געווארען מענעדזשער פון לאקאל 35.

די קלאוק פרעסערס יוניאן איז אייגענטליך א סך עלטער ווי לאקאל 35. די קלאוקפרעסערס זיינען געווען צווישען די ערשטע אין דעם קלאוק־טרעיד זיך צו ארגאניזירען אין א יוניאן. עס זיינען פאראן רעקארדס, אז שוין אין יאר 1886 זיינען די קלאוק פרעסערס געווען ארגאניזירט אין א לאקאל יוניאן. די ארגאניזירונג פון די קלאוק פרעסערס אין א יוניאן האט זיך אין דער ווירקליכקייט אנגעפאנגען א סך פריהער. מעגליך שוין אין יאר 1880, ווען עס האט זיך אנגעפאנגען אין ניו יארק ארגאניזירען א קלאוקמאכער יוניאן. אבער די ערשטע יוניאנס פון די קלאוקמאכער זיינען ניט געווען איינגעטיילט אין לאקאלס. אין דעם גענעראל סטרייק פון די קלאוקמאכער אין יאר 1886 אין ניו יארק אבער פיגורירען שוין באזונדערע לאקאלס און צווישען זיי די „אינדעפענדענט קלאוק פרעסערס יוניאן". דער סטרייק האט זיך אנגעפאנגען אין פרילינג און מען קען דעריבער אננעמען, אז די „אינדעפענדענט קלאוק פרעסערס" איז ארגאניזירט געווארען צום סוף פון 1885 אדער אין אנפאנג פון 1886.

ווי לאנג די אומאפהענגיגע יוניאן פון די קלאוק־פרעסערס האט עקזיסטירט איז שווער אויסצוגעפינען. וואהרשיינליך איז זי אונטערגעגאנגען, ווען דער סטרייק איז פארלארען געגאנגען, ווי דאס פלעגט אין יענער צייט גאנץ אפט פאסירען, און ניט בלויז ביי די קלאוקמאכער נאר אויך ביי די ארבייטער פון אנדערע טרעידס. נאר דער אמת איז, אז די יוניאנס, וואס האבען זיך געשאפען אין דעם קלאוק־טרעיד, זיינען קיין מאל ניט אונטערגעגאנגען אין גאנצען. עס פלעגען שטענדיג איבערבלייבען פון דער ארגאניזציע עטליכע פאר'עקשנטע, וואס פלעגען זיך ניט בארוהיגען און אנפיהרען די ארגאניזאציאנס ארבייט און צוריק אויפלעבען די יוניאן, מאנכעס מאל אונטער דעם אלטען נאמען נאר מייסטענס צוליב סגולה וועגען אונטער א נייעם נאמען.

עס הייסט, אז די קלאוק פרעסערס זיינען שוין גאנץ אלטע יוניאן לייט און ווען זיי וואלטען געוואלט וואלטען זיי געווען בארעכטיגט צו פייערען א 50 יעריגען יובילײ שוין מיט צוויי יאר צוריק. נאר מיר פארשטעהען, אז דער נומער 35 איז ביי די קלאוק פרעסערס זעהר באליבט, און דאס איז נאטירליך. עס איז אונטער דעם נומער 35, וואס זייער יוניאן האט געמאכט אזא גרויסען פראגרעס און איז געווען אזוי ערפאלגרייך אין איר קאמף צו פארבעסערן דאס לעבען פון אירע מיטגלידער. לאקאל 35 האט ניט בלויז א גלארייכען רעקארד אין דער אינטערנעשאנאל, נאר אין דער גאנצער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

עס זיינען פאראן וועניג ארבייטער יוניאנס אין אמעריקא, וואס האבען אויפגעטאן אזוי פיל פאר זייערע מיטגלידער ווי די קלאוק פרעסערס יוניאן. די 35 יאר געשיכטע פון לאקאל 35 איז א געשיכטע פון שטענדיגען קאמף און פראגרעס און עס זיינען פאראן וועניג יוניאנס, וואס קענען זיך בארימען מיט אזא לאיאליטעט, מיט אזא איבערגעבענהייט פון זייערע מיטגלידער, ווי די קלאוק פרעסערס יוניאן. אין אן אנדער פלאץ אין דעם נומער „גערעכטיגקייט" ווערט איבערגעגעבען א טייל פון דער געשיכטע פון לאקאל 35 און וואס ער האט אויפגעטאן אין די 35 יאר פון זיין עקזיסטענץ, אבער עס איז בלויז א קליינער טייל. א ריכטיגען באגריף וועגען דער באדייטונג פון לאקאל 35 קען מען האבען בלויז ווען מען באטראכט עס אין צוזאמענהאנג מיט דער געשיכטע פון דער קלאוקמאכער יוניאן און פון דער אינטערנעשאנאל. לאקאל 35 איז שטענדיג געווען איינער פון די שטארקסטע זיילען, אויף וועלכע די קלאוקמאכער יוניאן און די אינטערנעשאנאל האבען זיך געהאלטען. באזונדערס האט זיך עס אנגעזעהן אין די קריטישע צייטען פון דער קלאוקמאכער יוניאן און פון דער אינטערנעשאנאל.

מיר באגריסען הארציג לאקאל 35 צו זיין גרויסען יום טוב און ווינשען אים ווייטערדיגען ערפאלג. מיר באגריסען די קלאוק פרעסערס מיט זייער גרויסען ערפאלג אויפצובויען און אויפצוהאלטען אזא שעהנע, שטארקע און פראגרעסיווע יוניאן. מיר באגריסען ברודער דזשאזעף ברעסלאו, וואס אונטער זיין 25 יעריגער פירערשאפט האט לאקאל 35 געהאט אזא גרויסען ערפאלג און האט אזוי פיל אויפגעטאן פאר זיינע מיטגלידער און מיר ווינשען אים ווייטערדיגען ערפאלג אין זיין ארבייט. מיר באטראכטען דעם 35 יעריגען יובילײ פון לאקאל 35 און דעם 25 יעריגען יובילײ פון ברודער ברעסלאו אלס מענעדזשער פון לאקאל 35 פאר דעם יום טוב פון דער גאנצער קלאוקמאכער יוניאן און פון דער גאנצער אינטערנעשאנאל.

⁂

## אידישע באלעבאטים וואס דיסקרימינירן געגען אידישע ארבייטער

מיר ווילען דא ציהען די אויפמערקזאמקייט אויף א צושריפט פון ס. קייזער, מיטגליד פון לאקאל 35, וואס מיר דרוקען אין אן אנדער פלאץ אין דעם נומער „גערעכטיגקייט". ער באקלאגט זיך, וואס עס זיינען פאראן אידישע קלאוק־מאנופעקטשורערס, וועלכע ווילען ניט אנשטעלען קיין אידישע ארבייטער אין זייערע שעפער. און ווי ער באהויפטעט זיינען צווישען די אידישע מאנופעקטשורערס פאראן אזעלכע וואס שפילען די ראלע פון פיינע אידישע באלעבאטים און שול־אידען.

מיר דארפען זאגען, אז ברודער ס. קייזער איז ניט דער ערשטער, וואס לאזט אונז עס וויסען. אונז אבער איז שווער צו דערגעהן אויף וויפיל אט די נידערטרעכטיגקייט איז פארשפרייט צווישען די אידישע קלאוק מאנופעקטשורערס. אויב עס זאל זיין ריכטיג ווי ברודער ס. קייזער באהויפטעט, אז אט די אידישע מאנופעקטשורער, וואס ווילען ניט אנשטעלען קיין אידישע ארבייטער, האבען א באדייטענדען חלק אין דעם, וואס אזוי פיל אידישע קלאוקמאכער זיינען אויף צרות, דאן דארף די צאל פון אזעלכע מאנופעקטשורערס זיין א גאנץ היפשע און עס פארשטעהט זיך, אז עס דארף אויפגענומען ווערען געגען זיי א גאנץ ענערגישער קאמף. ווען עס זאל זיך אבער האנדלען בלויז וועגען איינצעלנע אויסנאמען, וואס זיינען אזוי נידערטרעכטיג, קען עס בלויז זיין א פראגע פון צונאגלען זיי צום שאנדקלאץ, אבער זיי קומען ניט אין באטראכט אלס א פאקטאר אין דעם קלאוק טרעיד, ווען מען זוכט די אורזאכען פון דער איצטיגער שווערער לאגע פון די קלאוקמאכער.

נאר יעדענפאלס האבען אלגעמיינע באהויפטונגען, ווען עס ווערט ניט אנגעגעבען ווער און וואו, קיין ווערט ניט. מען דארף וויסען די נעמען פון די אידישע קלאוק מאנופעקטשורערס, וואס ווילען ניט באשעפטיגען אין זייערע שעפער קיין אידישע קלאוקמאכער. און ווען מען גיט אן א נאמען דארף עס זיין א פעסטגעשטעלטער פאקט, וואס זאל ניט קענען באשטריטען ווערען. עס טאר ניט זיין באגרינדעט אויף „מ'זאגט און מ'האט געהערט". די באשולדיגונג איז זעהר אן ערנסטע און זי מוז דעריבער זיין פולשטענדיג באגרינדעט, ווען זי ווערט געגען אימיצען געמאכט.

מיר האבען זיך דא אפגעשטעלט אויף דעם, ווייל מיר האבען, ווי שוין געזאגט, אייניגע מאל געהערט די דערמאנטע באשולדיגונג, אבער מיר האבען קיין מאל ניט געקראגען קיין פעסט־געשטעלטע פאקטען, וואס זאלען ניט קענען באשטריטען ווערען. מיר וואלטען דעריבער וועלען הערען מער ווי אלגעמיינע באהויפטונגען, נאר באשטימטע פאקטען מיט אלע איינצעלהייטען.

# פאבלען

פון נחום יוד

## דער ראב

א ראב, וואס האט געהאט
אין וואלד א גרויסען צד,
האט איינמאל אין א טאג א שיינעם
גענומען אויפווייזען זיין שטים
פאר זיינע שכנים;
און, ווי עס פירט זיך, האבען זיך ביי אים
א היבשע ביסעל אנהענגער געפונען...
דריי טויבע פאוועס און א הייזעריגער האן,
וואס האבען נאך פון שטענדיג־אן
דעם נאכטיגאל זיין רום און גרויסקייט ניט פארגונען,
באשלאסען האבען באלד
מיט ערנסטע געזיכטער,
אז אין דעם גאנצען וואלד
איז בלויז דער ראב א גאטס־געבענשטער דיכטער!
און אויב זיין שטים איז נאך דערווייל ניט ריין,
דאך איז זי אבער שטארק און שיין.
און מיט דער צייט, ווער ווייס ווי הויך ער וועט נאך שפרינגען!
„ווי קאן מען דאס אזוי פיל לייגען! —
האט אויפגערעגט
די טויב דעם נאכטיגאל געפרעגט, —
און גלאט וואס ווייסען פאוועס פון געזאנגען!
א שוידער נעמט דאך דורך פון זיינע קלאנגען"...
— „ניט ערגער זיך אזוי, מיין ליבע טויב,
און זאל דאס דיך ניט ארען, —
האט איר דער נאכטיגאל געטרייסט, — און גלויב
אז פילאזאף קאן מען די וועלט ניט נארען;
עס מעג דער ראב זיך זיין אזוי באריהמט,
אז אלע זאלן אויף אים ווייזען מיט די פינגער,
דאך ווייסען אבער אלע גאנץ באשטימט,
אז ראבען זיינען ניט קיין זינגער"...

# טאם מוני אין דער תפיסה אין סען קווענטין

„מיינע שווארצע האר וועל איך צוריק שוין נישט באקומען, אבער מיין פרייהייט מוז איך באקומען” — טאם מוני.

פון יעקב פאט

איך שרייב די שורות א שעה נאכדעם, ווי איך בין ארויס פון דער תפיסה אין סען קווענטין, וואו איך האב געהאט א שמועס מיט טאם מוני׳ן. עס איז געווען אן אויסערגעוויינליכע שעה, איינע פון יענע שעהן, וואס מ׳מאכט דורך אין לעבען זעלטען.

מיר האבען געשמועסט וועגען אלץ, אבער דער עיקר וועגען דער וועלט, וועגען פאשיזם, וועגען נאציזם, וועגען סאציאליזם, וועגען קאמף פון ארבייטער־קלאס. עס איז געווען א קאנצענטרירטע שעה. מיר זיינען דורכגעלאפען די וועלט פון אמור ביז׳ן פאסיפיק, מיר האבען באמיט זיך אריינצוכאפען וואס מער. און דער עיקר, דער איינדרוק איבער אלע איינדרוקען — דער ווייסער, גרייז־גרויער טאם איז אזוי יונג, אזוי פריש, אזוי פול מיט אימפעט, מיט גלויבען. פון דעם מאן אין זויבערען, ווייסען, לייוועטענעם אנצוג; פון דעם מאן מיט׳ן ווייסען קאפ און הויכען שטערען; פון די אויגען אונטער די ברילען שטראמט מיט אידעאליזם, מיט לויטערקייט, מיט סאציאליזם.

צוויי און צוואנציג יאר זיצט ער שוין אין תפיסה. דעם 22טען יולי 1916 האט אויפגעריסען די באמבע אויף מארקעט סטריט פון סאן־פראנציסקא ביים מיליטער־פאראד. דעם 27טען יולי איז דער אומשולדיגער טאם מוני ארעסטירט געווארען אין צוג, וואס איז געלאפען פון מאנטאסאנא קיין סאן־פראנציסקא. דער פאפולערער ארבייטער טוער, דער ארגאניזאטאר פון די טראמוויי־ארבעטער טאם מוני איז ארעסטירט געווארען אונטער א באשיינפערליך־פאלשער באשולדיגונג. קאליפארניער קאפיטאליסטען האבען געוואלט פטור ווערען פון זייער א פארביסענעם שונא. דאס איז געווען מיט 22 יאר צוריק. פאר דער צייט איז טאם מוני אויסגעוואקסען אין א סימבאל פון א קעמפער־מארטירער. דער טאם מוני־מין איז פארוואנדעלט געווארען אין א שרייאיגען פראטעסט געגען דעם קאפיטאליסטישען גערעכט. טאם מוני האט מיט זיינע צוויי און צוואנציג יאר טורמע אויסגעפארמט א זעלטענע מארטירער לעגענדע. ער האט גערעדט צו א וועלט פון הינטער זיינע גראטעס. נישטא קיין באוואוסטזיניגער מענש אין גאר דער וועלט, וועלכער האט נישט געהערט דעם סימבאלישען נאמען: „טאם מוני”.

ווי זעט מען נישט טאם מוני׳ן ווען מען איז אין סאן־פראנציסקא? ווי שמועסט מען זיך נישט דורך מיט דעם „גרויסען ארעסטאנט”? ווי ברענגט מען אים נישט גרוסען און ווי נעמט מען דאס נישט איבער זיינע גרוסען?

איך שרייב איצט די ווערטער גלייך נאך מיין קומען פון טורמע. אט נישט לאנג האבען מיר זיך הארציג געזעגענט, געקלאפט איינע די אנדערע איבער די פלייצעס. געדריקט זיך די הענט. עס קלינגען מיר נאך אין די אויערען זיינע ווערטער:

„איך וועל אפשר מיין פרייהייט נאך ארויסרייסען, אבער וואס טויג מיר פרייהייט אין א וועלט פון פאשיזם און נאציזם?... ווי עס וואלט זיך געוואלט א פלי טאן מיט אן עראפלאן איבער שפאניע, איבער פראנקא׳ס באנדיטען־ארמיי! א פלי טאן איבער בערלין און רוים! גריס, ברודער, די קעמפער!”

איך איל מיך צו פארצייכענען אונזער שמועס. איך וויל גארנישט פארגעסען, עס זאל נישט ארויספליען פון זכרון, ווייל דארט אין טורמע טאר מען נישט מאכען קיינע נאטיצען.

די טורמע סען־קווענטין ליגט פינף און צוואנציג מייל פון סאן־פראנציסקא. אן אויטא פון טאם מוני׳ס פארטיידיגונגס־קאמיטעט האט מיך געפירט צו דער זעאונג. שוין פון וואונדערליכסטען בריק פון דער וועלט, דער בריק איבער דעם סאן־פראנציסקא׳ר „גאלדענעם טויער”, וואס הענגט אויף אייזערנע שטריק איבער דעם פאסיפישען ים־אויסגוס, זעט מען סען־קווענטין.

עס איז א ריזיגע, מעכטיגע טורמע — א טורמע, ווי א פעסטונג. ביים טויער דארף מען לאזען די מאשין. איך דארף פארשרייבען מיין נאמען אין וואךשטיבעל און קאן גיין ווייטער ביז׳ן סאמע אריינגאנג אין טורמע גופא.

עס איז טאקע א טורמע. ארעסטאנטען אין ארעסטאנטען־קליידער ארבייטען אויפ׳ן שטיינערנעם בארג ביים וואסער. ביי אלע טירען שטייען וואכען. אבער עס איז דאך אמעריקא. אין טורמע ביורא איז מען העפליך: וואס ווינש איך? — איך וויל זען טאם מוני׳ן, דעם ארעסטאנט נומער 31921. איך האב א בריוו פון דעם טאם מוני קאמיטעט.

דאס קאן מען אן שוועריגקייטען. איך דארף נאר וויסען, אז איך טאר אים גארנישט געבען און טאר פון אים קיין זאך נישט נעמען. אויב איך וועל אים זען היינט, וועל איך אים נישט קאנען זען א גאנצען חודש; בלויז איין מאל א חודש קען דערזעלבער מענש אים זען. איך באקום א טורמע קוויטעל, א דערלויבעניש אריינצוגיין אין ווייטערדיגען האל. עס איז א גרויסער צימער, ריין, ליכטיג. דא ווארט מען אויף די ארעסטאנטען, מיט וועלכע מען וויל זיך זען. טאם מוני׳ן וועט מען באלד אהערצו ברענגען. מען האט אים שוין געלאזט וויסען, אז איך וויל אים זען.

איך כאפ דערוויל א קוק אין ווייטערדיגען צימער. דארט זעט מען זיך. דער צימער איז צוטיילט מיט עטליכע נידעריגע ווענטלאך. פון ביידע זייטען ווענטלאך שטייען שטולען. אויף איין זייט זיצען ארעסטאנטען, אויף דער צווייטער זייט — די, וואס זיינען געקומען זיך זען מיט זיי — קרובים, היימישע. אין צימער זיצען א צוואנציג ארעסטאנטען מיט א פערציג־פופציג קרובים און מען שמועסט. עס זיצען פרויען, קינדער, זיידעס, גוטע־ברידער. פון דער זייט זיצט די וואך און שטערט נישט די געשפרעכען. די מענשען זעען נישט און הערען נישט די וועלט, חוץ זיך אליין, חוץ די אייגענע רייד. מען דארף זיך אויסריידען, מען דארף אריינכאפען. מער ווי א שעה טאר נישט געדויערען א געשפרעך. ווי שנעל עס לויפען די מינוטען!

אין טיר פון ווארט־צימער האט אויסגערופען דער וועכטער:

— טאם מוני איז שוין דא, מיסטער פאט!...

עס האט אין מיר א רודער געטאן, א צאפעל געטאן: טאם מוני... איך שטיי שוין נעבען אים. ער זעט אויס גאר אנדערש ווי אויף די בילדער. א ווייכער, א ליכטיגער, א באגייסטערטער פנים. דער קאפ איז ווייס, די געדיכטע ברעמען טונקעל, פון אונטער די ברילען קוקען קלוגע, גוטע אויגען. עס שמייכעלט אזוי גוטמוטיג מיט די צוויי שורות ווייסע ציין, מיט׳ן קליינעם מויל. עס איז אן אויסערגעוויינלאכער נחת־רוח.

איך זאג אים מיין נאמען, איך זאג אים, אז איך גריס אים נישט גאר פערזענליך, איך דריק אים די האנט אין נאמען פון צענדליגער טויזענטער אידישע ארבייטער, פון אידישע ארבייטער־קינדער. ער איז טיף גערירט. ער לאזט נישט אפ מיין האנט, ער דאנקט:

איך פריי זיך אזוי, איך דאנק אייך זייער.

און באלד טוט ער א שפרונג מיט׳ן געדאנק:

— וואס? פאשיזם? נאציזם? פאגראמען?... מיט וועמען זיינען די ארבייטער פון פוילען?

ער איז אויסגעבונדען אין אלע געשעענישען פון דער וועלט, אין אלע פרטי־פרטים פון דער ארבייטער באוועגונג, אפילו מיט פרטים פון דייטשען אונטער־ערד.

— מיר וועלען צו דער וועלט קומען אביסעל שפעטער — זאג איך אים — לאמיר עפעס הערען וועגען אייך? ווי פילט איר זיך אין טורמע? ווי גייט עס אייך?

— אלרייט... — ענטפערט ער מיר מיט א שמייכעל — און חוץ דעם „אלרייט” בין איך געווען קראנק אויף וואונדען אין מאגען און אויף גאל־שטיינער, איך מוז זיין אויף א שטרענגער דיעטע... מען האט מיר צוגעטיילט

---

פאניע אין קאורט, ביז עס איז ענדליך דערגאנגען צום סופרים קאורט, און דער סופרים־קאורט האט די טעג ארויסגעגעבען דעם פסק אז די קאמפאניע מוז צוריק אנשטעלען די אלע ארבייטער, וואס זי האט אויסגעשלאסען, ווייל דער גרונד וואס זי האט אנגעגעבען פאר אויסשליסען די ארבייטער איז א העכסט אונגעזעצליכער, ווייל לויט דעם נייעם וואגנער־אקט טאר קיין באס ניט דיסקרימינירען געגען ארבייטער צוליב דעם, וואס זיי זיינען יוניאן־לייט.

אבער דאס איז נאך ווייניג.

די קאמפאניע דורך אירע גרויסע לאיערס האט גע׳טענה׳ט, דאס וויבאלד די ארבייטער זיינען ארויס אין סטרייק האבען זיי שוין צוליב דעם אליין אויפגעהערט צו זיין דער קאמפאניע׳ס ארבייטער, און זי האט געהאט א רעכט צו באזעצען זייערע פלעצער מיט אנדערע ארבייטער. אויף דעם האט דער סופרים־קאורט ערקלערט אין גאנץ קלארע דיבורים, אז דערמיט וואס ארבייטער געהען ארויס אין סטרייק פארלירען זיי נאך ניט זייערע דזשאבס. די דזשאבס זיינען זייערע, און די קאמפאניע, וועלכע באזעצט זייערע פלעצער מיט אנדערע, האנדעלט אין גאנצען געגען דעם נייעם וואגנער־געזעץ.

אלזא, דאס, וואס איז בלויז מיט עטליכע יאר צוריק באטראכט געווארען אפילו גאנץ פון פארטגעשריטענע מענשען פאר שוין צו ראדיקאל, איז אט צו דעם העכסטן ראדיקאלען געדאנק האט זיך איצט אנטשלאסען דער סופרים קאורט, וועמען מיר האבען ערשט ניט לאנג צוריק באטראכט אלס די פעסטונג פון אלץ וואס איז שלעכט, געמיין און רעאקציאנער, און וואס וועט אימער זיין די ערגסטע שטערונג צו אירגענד וועלכען ווייטערען געזעלשאפטליכען פארטשריט!

און לאמיר שוין דא פארצייכענען נאך א פאקט, וועלכער קאן באגריסט ווערען אלס א גאר שטארק פארטשריטליכער. מיר מיינען דא דעם גרויסען פראצעס, וואס האט זיך די טעג אנגעהויבען אין הארלאן קאונטי, קענטאקי.

הארלאן קאונטי איז א מין דזשורזי סיטי, נאר אין א פיל גרעסערען און סקאנדאליעזערען מאסשטאב. די פילע קוילען־מיינערס, וועלכע זיינען דארט באשעפטיקט געווארען אין יענע מיינס, זיינען פון די מינען־מאגנאטען באטראכט געווארען אלס זייערע אמת׳ע שקלאפען. יעדער פארזוך פון די מיינערס זיך צו ארגאניזירען איז אונטערדריקט געווארען אויף דעם ברוטאלסטען אופן. יעדער איינער פון דרויסען, וועלכער איז געקומען אין אט דער מינען־געגענד, איז פשוט ניט געווען זיכער מיט זיין לעבען. מארד און טויטשלאג זיינען געווען די ענטפערס פון די בעלי בתים פון הארלאן קאונטי. איר גאנצער רעגירונגס־אפאראט — די שעריפס, די פאליס און, ווען נויטיג, סאלדאטען — זיינען אימער געווען צודינסט פון די מינען־מאגנאטען, און עס איז ניט געווען קיין קלאגער און קיין ריכטער.

אבער אויף אלעס קומט א צייט. ענדליך איז געמאכט געווארען א שטארקע אונטערזוכונג פון דער לאפאלעט־קאמיטע אין סענאט, און דער עולם האט זיך דערוואוסט פון די שרעקליכקייטען און גרויליכקייטען אין אט יענעם ווינקעל אין אמעריקא. ביז ענדליך איז עס געקומען דערצו, אז די אלערליי מערדער און פארברעכער אין די הויכע פענסטער זאלען געשטעלט ווערען צו א פראצעס.

איז נאטירליך זעהר געוואגט צו זאגען מיט וואס דער טריעל וועט זיך ענדיגען. מען האט געזוכט און געזיפט מיט אלע מיטלען צו קריגען א דזשורי אויף וועמעס געזונטען פארשטאנד און אויף וועמעס באגריפען פון יושר און אמת אין אט דער גאנצער בלוטיגער אזערע מען קאן זיך ווייניג־וואס פארלאזען. און ווען אפילו אט די דזשורי־לייט זאלען ארויסטראגען דעם אורטייל „שולדיג”, קאן עס, ווער ווייס, ווי לאנג נעמען ביז די פארברעכער וועלען קריגען זייער ריכטיגען פסק.

אבער דאס איז א מעשה אויף שפעטער. עס איז צו האפען, אז דער אמעריקאנער עולם וועט מיט דער העכסטער אויפמערקזאמקייט נאכפאלגען דעם פראצעס און וועט ניט דערלאזען, אז די פארברעכער זאלען ארויסקומען אונבאשטראפט. אבער שוין דאס אליין, וואס אט די אויף־מיר־מענשען זיינען ענדליך געשטעלט געווארען אונטער שווערע אנקלאגען, דאס אליין איז דער בעסטער באווייז, אז זייט ביי זייט מיט דער פינסטערער רעאקציע מארשירט אויף גאנץ שטארק דער גרויסער ליכטיגער פארטשריט, וועלכער פריהער אדער שפעטער וועט און מוז ארויסקומען דער זיגער.

# אונזער דור הפלגה

פון ש. יאַנאָווסקי



יוער צו געפינען איין וואָרט, וואָס זאָל אייך געבען אַ פולע כאַראַקטעריסטיק פון דער צייט, אין וועלכער מיר לעבען. אַנרופען איר אַ משוגענע צייט, איז דאָס געוויס טייל־וויז גאַנץ ריכטיג, און אונזער צייט דאַרף זיך אָסור פיהלען באַליידיגט פון אַזאַ באַצייכענונג, אָבער זי קאָן האָבען אַ טענה, דאָס זי איז פאָרט ניט אין גאַנצען משוגע. זי קאָן אָנווייזען אויף גאָר פילע קלאָרע מאָמענטען און טאָקע באַלד ברענגען די נויטיגע פאַקטען, וועלכע קענען קוים באַשטריטען ווערען.

איר קאָנט איר אָנרופען אויך מיט רעכט די נידערטרעכטיגע צייט, אָבער אין גאַנצען אמת וועט עס דאָך ניט זיין, וואָרים זיט ביי זייט מיט די שרעקליכקייטען און נידערטרעכטיגקייטען קאָן זי אָנווייזען אויף פילע אַקטען פון דעם גרעסטען הויכמוט און העלדישקייט, אויף וועלכע דער מענש וועט קענען אָנווייזען מיט שטאָלץ, אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבען אויף אונזער ערד.

איר קאָנט אָנווייזען אויף רעאַקציאָנערע האַנדלונגען פון מענשען און געזעלשאַפטען, פון וועלכע איר וואָלט עס קוים געקאָנט ערוואַרטען, אָבער גלייכצייטיג קאָנט איר אָנווייזען אויף האַנדלונגען, וועלכע זיינען באמת רעוואָלוציאָנער, און דוקא פון אַ זייט, פון וועלכער איר וואָלט עס קוים געקאָנט ערוואַרטען מיט בלויז אַ פאָר יאָר צוריק.

איז ווי־זשע פאָרט קאָנט איר באַצייכענען אונזער צייט? מיר דאַכט זיך, אַז קיין בעסערער וואָרט איז ניטאָ, ווי די דור הפלגה־צייט.

דאָס איז אַ צייט פון צומישעניש פון לשונות, געדאַנקען, ווען איין מענש דערקענט ניט דעם צווייטען. לאָמיר אָנווייזען אויף אייניגעס, וואָס האָט זיך אייך געוויס געוואָרפען אין די אויגען די לעצטע טעג.

איר האָט דאָך געוויס געהערט וועגען דעם גאַטארישען מעיאָר העיג, פון דזשוירזי סיטי, וועלכער ליידט פון דער משוגעת, אַז מעג די גאַנצע קאָנסטיטוציע ריידען פון פרעס־פרייהייט, פאַרזאַמלונגס־פרייהייט און רעדע־פרייהייט, אַז דאָס טאָר ניט געקירצט ווערען אויף אַ קוצו של יוד, איז ער אָבער גרעסער ווי די קאָנסטיטוציע, און אַז ער וויל ניט דאָס די „סי אַי אָ” זאָל אַפילו מיט אַ פוס אריינטרעטען אין דזשוירזי, וועט זי ניט אריינטרעטען. בקיצור, אין אונזער דעמאָקראַטיש לאַנד, אויף וועלכער מיר זיינען אַזוי שטאָלץ, קאָן אָט דער העיג זיך ערלויבען צו שפילען דעם דיקטאַטאָר און מאַכען צו גאָרניט דאָס גאַנצע רעכט פון אַמעריקאַנער פאָלק אויף זיינע גרויסע פרייהייטס־רעכט. וואָרים, ווי באַלד עס ווערען געטראָטען מיט די פיס די פרייהייטס־רעכט, און מעג עס דאָך זיין פון איין מענשען בלויז, ווערען דאָך גלייכצייטיג געשענדעט און געמאַכט צו גאָרניט די פרייהייטען פון דעם גאַנצען פאָלק, און מיר האָבען שוין דאָן גאָרניט מיט וואָס זיך איבערצונעמען געגען אַ היטלער, אַ מוסאָליני און אַ סטאַלין.

האָט זיך געפונען איין מענש, און געוואָלט אויספּריכטיג אויסגעפינען צי דאָס איז טאָקע אַזוי. איר הייסט אַלע, ווער עס ווערט דאָ געמיינט. ניט קיין אַנדערער ווי נאָרמאַן טאָמאַס, איינער פון די גאַנץ גרויסע מענשען אין אַמעריקא. נאָך מעהר, ער האָט צוערשט פאַרלאַנגט אַן ערלויבניש פון דעם מעיאָר צו האַבען אַ מיטינג אונטער'ן אָפענעם הימעל. און אַז ער האָט די ערלויבניש ניט געקראָגען פון אָט דעם מעיאָר העיג, איז ער געקומען אָהן דער ערלויבניש, אָבער גערעדט האָט ער דאָך ניט.

זאָל עס דאָ געזאָגט ווערען צו דעם קרעדיט פון דעם מוטיגען נאָרמאַן טאָמאַס, אַז ניט נאָר האָט ער געמאַכט איין פאַרזוך צו ריידען, נאָר טאָקע צוויי מאָל. ער האָט פשוט געשטעלט זיין לעבען אין געפאַר, ווייל אויף וואָס איז דען ניט פעהיג אַן אויפגערייצטער מאָב, און דאָך אונזער פרעזידענט, פון וועמען מיר האַלטען יאָ אַביסעל, האָט זיך ארויסגעדרעהט מיט דעם פחדנישען ענטפער: עס איז ניט מיין זאַך, עס איז אַ זאַך פון דער לאָקאַלער פאָליציי.

באַלד נאָכדעם האָבען צוויי קאָנגרעסלייט ערקלערט זייער „פעסטען” באַשלוס צו קומען נאָך דזשוירזי סיטי און דאָרט ריידען, אָבער זיי האָבען זייער פעסטען באַשלוס ניט דורכגעפירט. אַ מאַסע פון צענדליגע טויזענד בריוו זיינען געקומען אויפ'ן רוף פון מעיאָר העיג, און וואָלטען די קאָנגרעסלייט ניט אַזוי מורא געהאַט פאַר זייערע טייערע לעבנס און פאַר די לעבענס, אפשר, פון נאָך פילע מענשען, וואָלט שוין אפשר די פראַגע פון רעדע־פרייהייט אין דזשוירזי סיטי געווען איצט געלייזט, אָבער אַזוי ווי זיי זיינען אין זייער גרויסער איבערלעגענהייט און פאָרזיכטיגקייט דאָך געבליבען אין וואַשינגטאָן, איז דערווייל דזשוירזי סיטי נאָך אַלץ אַ פעסטונג פון שטומעניש און דיקטאַטור.

און דאָס איז פיליכט דאָס שענדליכסטע אין דער גאַנצער געשיכטע. די צענדליגע טויזענד, וועלכע זיינען געקומען צום דזשוירנאַל־סקווער אין דזשוירזי סיטי, זיינען געקומען ניט חלילה צו ראַטעווען דאָס רעכט פון פרייער רעדע, נאָר טאָקע צו העלפען מעיאָר העיג אונטערדריקען איר.

און אויב דאָס איז נאָך אייך ניט גענוג, איז ווי איר האָט עס געקאָנט לייענען אין די צייטונגען איז צווישען די באַשיצער פון שטומעניש אין דזשוירזי סיטי געווען אַ גאָר שטאַרקע פאַרטרעטערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל.

געוויס וועט פריער אָדער שפּעטער זיגען דאָס רעכט אויף פרייע רעדע. א. לענדאָן, רוזוועלט'ס קאָנקורענט אויף דעם מלוכה־טראָן אין לעצטען פּרעזידענטשעל־קאַמפּיין, איז ארויסגעקומען מיט אַ שטאַרקער רעדע פאַר רעדע־פרייהייט, און געמאַכט רוזוועלט'ן אַ גאָר שווערען פאַרוואורף, וואָס ער מאַכט זיך ניט וויסענדיג וועגען דעם. פאַרשטעהט איר דאָך, אַז דאַן האָט שוין רוזוועלט זיך ניט געקאָנט העלפען און האָט איבערגעגעבען די גאַנצע אָנגעלעגענהייט פאַר אַן אונטערזוכונג. איר דאַרפט אָבער ניט ערוואַרטען, אַז מעיאָר העיג'ן וועט חלילה אַ הערעלע געקרימט ווערען. ער איז אַ גאָר צו גרויסער פּאָליטישען אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. רוזוועלט איז מסתמא מיט אים „פער דו”. אָבער לכל הפחות וועט עס מסתמא באַלד אַביסעל פרייער ווערען אין דזשוירזי סיטי, וועלכע, ווי עס ווייזט זיך ארויס אין דער אמת'ן, דאַרף ניט קיין רעדע־פרייהייט און פאַרדינט ניט קיין רעדע־פרייהייט, און דאָס זי דאַרף ניט קיין בעסערען מעיאָר ווי דאָס איז מעיאָר העיג.

און אַז מיר האָבען שוין יאָ דערמאָנט די אַמעריקען פעד. אָוו לייבאָר אין פאַרבינדונג מיט מעיאָר העיג, לאָמיר דאָ אויפמערקזאַם מאַכען אויף נאָך עטוואָס.

איר וועט זיך דערמאָנען, אַז מיר האָבען קיינמאָל ניט פאַרשוויגען דעם פאַקט, דאָס די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר אַלס גאַנצע איז בשום אופן ניט קיין סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט, נאָר שטעהט דוקא אויף דעם פּרינציפּ פון פּריוואַט־אייגענטום, פּראָפיט און אַזוי ווייטער. פונדעסטוועגען האָט עס אונז אויף אַ האָר ניט געשטערט צו שטעהן אַלע מאָל מיט דער פעדעריישאָן, ווייל מיר האָבען גערעכענט, אַז אין דעם פּונקט פּרעזענטירט זי די מאַסע אַרבייטער, וועלכע זיינען אָנגעשלאָסען אָן איר און וויבאַלד די גרויסע מאַסען אַמעריקאַנער אַרבייטער זיינען ניט סאָציאַליסטיש געשטימט קאָן עס דאָך איר פירערשאַפט ניט זיין.

מיר האָבען אָבער קיינמאָל ביז איצט ניט געהערט, אַז די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר זאָל עס באַטראַכטען אַלס איר פליכט צו זיין די באַשיצערין פון קאַפּיטאַליזם. פאַרקערט, אין די לעצטע יאָרען, ווען גאָמפּערס האָט נאָך געלעבט, האָט זיך געמערקט אַ שטאַרקע דערנענטערונג צווישען די סאָציאַליסטען און דער א. פ. אָוו ל. לאָמיר דערמאָנען דאָ דעם פאַל, ווען ב. שלעזינגער, דער אויסגעשפּראָכענער סאָציאַליסט, איז אויסערוויילט געוואָרען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט אַלס דעלעגאַט צום בריטישען טרייד־יוניאָן קאָנגרעס. מאָריס הילקוויט, דער פּראָמינענטסטער סאָציאַליזם אין אַמעריקאַ אין זיין צייט, איז צוגעצויגען געוואָרען אַלס לאָיער און ראַטגעבער צו דער פעדעריישאָן. בקיצור, עס ווערט מיט קיין אות ניט דערמאָנט אין דער קאָנסטיטוציע, אַז די א. פ. אָוו ל. האַלט עס פאַר איר פליכט צו ווערען די באַשיצערין פון פּריוואַט־אייגענטום.

און איצט לייענט אדרבא אַליין די ספּעציעלע טעלעגראַמע, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרען צו דער „ניו יאָרק טאַימס” דעם 4טען מאַי, וועלכע איר האָט אפשר פאַרזעהן:

„דער עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, האָט היינט דערקלערט, אַז די פונדאַמענטאַלע צילען און צוועקען מאַכען איר צו שטעהן אויף דער זייט פון איניציאַטיוו, און צו דער באַשיצונג פון פּריוואַט אייגענטום”.

שטעלט זיך ווירקליך די פראַגע: קאָן שוין ווייטער געהן אָט די ווילדע רעאַקציע? ארויסצוקומען אָפען פאַר דער אונטערדריקונג פון רעדע־פרייהייט, וואָס דאָס איז אימער געווען איינער פון די הויפּט־פּרינציפּען פון דער פעדעריישאָן אָפּצוהיטען רעדע־פרייהייט ווי דעם שוואַרצאַפּעל פון אויג, און אַזוי אָפען און אונפאַרשעמט ארויסקומען פאַר פּריוואַט אייגענטום, פאַר קאַפּיטאַליזם, יאָ, פאַר עקספּלואַטאַציע?

און אַלץ צוליב וואָס? כדי קלאָר צו מאַכען פאַר די קאַפּיטאַנען פון אונזער אינדוסטריע, אַז מיר, די פעדעריישאָניסטען, זיינען חלילה ניט קיין באָלשעוויקעס קיינע קאָמוניסטען, ווי דאָס זיינען אונזערע געגנער די סי. אַי. אָ. אויב איר ווילט טאָקע שליסען קאָנטראַקטען, קאָנט איר עס נאָר מיט אונז, ווייל מיר און נאָר מיר וועלען זיי האַלטען.

געוויס וועט דאָך קומען באַלד די צייט, ווען דער אונגליקליכער קריג אין דער אַרבייטער באַוועגונג וועט געענדיגט ווערען; אָבער עס וועט מוזען נעמען אַ לאַנגע צייט ביז די וועלט וועט פאַרגעסען אָן די דאָזיגע שענדליכע האַנדלונגען; און איך צווייפעל, אויב עס וועט קומען אַ צייט ווען די גרויסע מאַסע אַרבייטער אין אַמעריקאַ וועט אַמאָל מוחל זיין אירע פאַרשטייער, וועלכע האָבען זיי ארויסגעשטעלט אין אַזאַ מיאוס'ען ליכט.

⁂

איז עס טאָקע גאַנץ מיאוס און שלעכט. אָבער לאָמיר אָנווייזען אויף אַ פּאָר אַנדערע געשעהענישען פון די טעג, און דאָס בילד ווערט אַ גאַנץ אַנדערע, אַ בילד וואָס דערפרעהט ממש דאָס האַרץ.

די קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער און אַלע די, וועלכע זיינען שוין יאָרען און יאָרען אָנגעשלאָסען אָן דער אינטערנעשאָנאַל, וועלען זיך געוויס דערמאָנען אָן די גרויסע שלאַכטען, וועלכע זיינען אויסגעפאָכטען געוואָרען איבער דער פראַגע „הייער און פייער”. געוואָלדען ביז'ן הימעל האָבען די באָסעס געמאַכט, ווען די יוניאָן האָט אָפּט זיך געשטעלט געגען דאָס רעכט פון אַ באָס אָפּצוזאָגען אַן אַרבייטער ניט אָנגעבענדיג אירגענד וועלכע אורזאַכע, אַפילו ווען זי זאָל זיין ניט קיין אמת'ע. די באָסעס האָבען גע'טענה'ט, אַז זיי דאַרפען גאָר קיינעם קיין דין וחשבון ניט געבען. צו וואָס זיינען זיי באָסעס, אַז זיי זאָלען ניט האָבען קיין רעכט ארויסצוואַרפען פון זייער שאָפּ וועמען זיי ווילען נאָר, און פאַרדאַמען אים און זיין פאַמיליע צו נויט און ליידען?

גאָר אַ חזקה אויפ'ן דזשאָב! — האָבען זיי געמאַכט געוואַלדען, — וואו און ווען איז עס געהערט געוואָרען? די פרעסע און די גאַנצע עפענטליכקייט איז געווען פול מיט זייערע געוואַלדען און, איך האָב עס מורא צו זאָגען, די עפענטליכע מיינונג איז געווען גאָר שטאַרק אויף דער זייט פון די באָסעס. רעכט אויף פּריוואַט־אייגענטום, דאָס איז דאָך זעלבסט־פאַרשטענדליך, אָבער אַז אַן אַרבייטער זאָל קענען באַטראַכטען זיין דזשאָב אַלס אייגענטום, דאָס איז געווען משונה־ווילד אַפילו אין די אויגען פון מענשען, וועלכע האָבען שוין פּרעטענדירט צו זיין גאָר פאָרטגעשריטענע אויפגעקלערטע ראַדיקאַלען.

דאָס איז געווען ערשט ניט לאַנג צוריק, פאַרהעלטניסמעסיג. די פראַגע וועגען „הייר און פייער” און „חזקה אויפ'ן דזשאָב” איז גאָרניט אַראָפּ פון טאָגאָרדנונג, און איצט הערט זיך גאָר צו, וואָס ס'איז פאָרגעקומען די טעג, און טאָקע אַלס אַ פּסק פון סאַמע סופרים קאָורט.

דאָס איז שוין אַ מעשה פון דריי יאָר. די מאַקיי־טעלעגראַף קאָמפּאַניע האָט, נאָך אַ סטרייק פון אירע טעלעגראַפיסטען, אויסגעשלאָסען פינף פון די סטרייקער. געטאָן האָט זי עס אויף דעם גאַנץ איינפאַכען גרונד, דאָס זיי זיינען געווען גאָר צו געטרייע יוניאָן־לייט און האָבען פלייסיגער ווי אַנדערע געאַרבייט אַז דער סטרייק זאָל געוואונען ווערען. פאַרשטעהט זיך, אַז די יוניאָן האָט ניט געשוויגען און אָנגעקלאָגט די מאַקיי־קאָמ־

# פּרעזידענט דובינסקי'ס רעדע ביי דער אַמאַלגאַמייטעד קאַנווענשאַן



פּרעזידענט הילמאַן, בעאַמטע און דעלעגאַטען צו דער גרויסער קאַנווענשאַן: איך באַטראַכט עס פאַר אַ פּריווילעגיע און אַ כבוד צו פאַרטרעטען דאָ מיין אינטערנעשאַנאַל יוניאַן און איבערגעבען אייך אונזער ברודער־גרוס.

פּרעזידענט הילמאַן האָט גערעדט וועגען דער נאָענטער פאַרוואַנדשאַפט צווישען אונזערע יוניאַנס. אין פילע פאַלען זיינען מיר באַטראַכט געוואָרען אַלס צווייליניג־אָרגאַניזאַציעס. מאַנכעס מאָל, ווען אונזער יוניאַן איז באַגאַנגען עפּעס אַ חטא, האָט מען געטאַדעלט דער אַמאַלגאַמייטעד דערפאַר; ווען די אַמאַלגאַמייטעד האָט געטאָן עפּעס אַ גוטע זאַך, האָבען מאַנכע מענשען געדענקט אַז די אַמאַלגאַמייטעד און די אינטערנעשאַנאַל זיינען די זעלביגע אָרגאַניזאַציעס און מען האָט אונז געגעבען קרעדיט פאַר דעם וואָס איהר האָט געטאָן.

איך דערמאָן זיך, אַז אונזער לעצטע קאַנווענשאַן איז געווען די ערשטע, ביי וועלכער עס איז נישט אַריינגעבראַכט געוואָרען אַ רעזאָלוציע צו פאַרשמעלצען די צוויי יוניאַנס אין איינער. אונזערע מיטגלידער פילען אַזוי נאָענט איינע צו די אַנדערע ווייל, אַז איהר וועט אַריינבליקען אַביסעל טיפער וועט איהר געפינען, אַז זיי מאַכען אַפילו די זעלביגע סאָרטען קליידער. די פרויען האָבען באַשלאָסען, אַז זיי וואָלטען וועלען טראָגען קליידער געמאַכט לויט מענליכע פאַסאָנען און מיר זיינען דורכדעם אַזוי דערנענטערט געוואָרען, אַז מאַנכע מענער שניידער מאַכען איצט פרויען קליידער.

מיר זיינען אַזוי נאָענט, אַז מאַנכעס מאָל פאַרשווינדט אַפילו די גרענעץ־ליניע. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ סך יאָרען נאָענטען צוזאַמענאַרבעטען. מיר אַרבייטען צוזאַמען, מיר קעמפען צוזאַמען און אַפילו ווען מיר שטימען מאַנכעס מאָל נישט איין, שליכטען מיר עס צווישען זיך. דאָס איז די אורזאַך פאַרוואָס איך פיל אַזוי גליקליך בייצוואוינען די קאַנווענשאַן.

ווען איך זעה דעם בלומען־גאָרטען וואָס דריקט אויס מיט זיך אַ לויב־געזאַנג פאַר דעם ערפאָלג פון אייער אָרגאַניזאַציע, און די פאַרעהרונג און אַנערקענונג פון פאַרשיידענע צווייגען פון אייער יוניאַן צו אייער גרויסען פּרעזידענט און צו די אַנדערע פירער, ווינש איך צוצולייגען נאָך אַ בוקעט צו דער מאַסע בלומען, אויסצודריקען די גוטע וואונשען פון די מיטגלידער און די בעאַמטע פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאַן צו דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס יוניאַן.

ערלויבט מיר אייך איצט זאָגען עטליכע ווערטער וועגען אַן אַנגעלעגענהייט וואָס איז אייך שטאַרק נוגע. איידער אָבער איך זאָג עס, וויל איך פריהער קלאָר מאַכען, אַז מיר זיינען ביידע, אַלע מאָל געווען זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציעס. אייער אָרגאַניזאַציע און אונזערע, באַשליסען יעדע אַליין איר פּאָליסי. אונזערע באַזונדערע פּאָליסיס ווערען דיקטירט דורך אונזערע וואונשען, דורך אונזערע באַגריפען, דורך דעם דעם בליק פון יעדען פון אונז איבער די נויטען פון אונזערע באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס און ווי אַזוי מיר קענען צום בעסטען דינען דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין פון דער טרייד־יוניאַן באַוועגונג. מאַנכעס מאָל שטימען מיר איין אין אַלעס און מאַנכעס מאָל שטימען מיר נישט איין.

איך זאָג עס אייך ווייל איך וויל עס זאָל קלאָר פאַרשטאַנען ווערען, אַז איך זוך נישט צו אַפּעלירען צו'ן אייך. איך וויל בלויז אויסדריקען מיינע געדאַנקען און נוץ אויס די געלעגענהייט אייך איבערצוגעבען פון דער פּלאַטפאָרמע וואָס איך דענק וועגען דעם.

איך האָב דאָ בייגעוואוינט היינט נאָכמיטאָג עטליכע דעמאָנסטראַציעס. איך ווייס אַז דורך די ערשטע טעג פון אייער קאַנווענשאַן זיינען פאָרגעקומען עטליכע אַנדערע גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין דעם פּרעכטיגען זאַל. איך דערמאָן זיך, אַז ענליכע דעמאָנסטראַציעס זיינען פאָרגעקומען מיט איין יאָר צוריק אין דער זעלבער שטאָט, ווען עס איז דאָ אָפּגעהאַלטען געוואָרען די קאַנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאַן און מיר האָבען געפייערט אונזערע אייגענע דערגרייכונגען און געווינסען. עס זיינען אויך פאַראַן אַנדערע טיילען פון דער אַרבייטער באַוועגונג וועלכע פייערען אויף אַן ענליכען אופן די דערגרייכונגען זייערע און די געווינסען וואָס זיי האָבען ערָאָבערט דורך די לעצטע צוויי יאָר דורך דער סי. אַי. אָ. און דורך דעם וואַגנער אַרבייטער געזעץ.

עס איז געווען די געבורט פון דער סי. אַי. אָ. וועלכעס האָט געגעבען נייע האָפענונגען, נייעם מוט, נייע מעגליכקייטען צו מיליאָנען ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין די אַמעריקאַנער אינדוסטריען. עס איז געווען די סי. אַי. אָ. וועלכע האָט געשאַפען די נייע מעטאָדען און די נייע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע וועלכע זיינען געווען אַמבעסטען צוגעפּאַסט און זייער ערפאָלגרייך אין אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען.

אָט די נייע וויזיע, דער נייער אידעאַליזם און נייע קראַפט, האָט עס באַשאַפען די געלעגענהייט פאַר אונזער יוניאַן, פאַר אייער יוניאַן און פאַר פילע אַנדערע טיילען פון דער אַרבייטער באַוועגונג צו פייערען די פאַרגרעסערונג אין דער צאָל מיטגלידער, די פאַרבעסערונג אין באַדינגונגען, די פאַרשטאַרקונג פון זייערע אָרגאַניזאַציעס דאָ און אין פילע אַנדערע טיילען פון אונזער לאַנד.

צו עס וואָלטען די אַלע זאַכען מעגליך געווען ווען עס וואָלט ניט זיין קיין סי. אַי. אָ., צווייפעל איך. צו וואָלט די אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר ווען עס איז נאָכגעגעבען אָדער אָנגענומען אינדוסטריעלען יוניאָניזם, וועלכעס איז באַוויזען געוואָרען צו זיין אַזוי נויטיג פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט און אַזוי ערפאָלגרייך פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג, אָן דער באַשאַפונג פון דער סי. אַי. אָ., וועגען דעם קען מען שפּעקולירען, דאָס לאָזט זיך דעבאַטירען.

אָבער וואָס מיר האָבען איצט פאַר זיך, איז קאָנקרעטע און באַשטימטע באַווייזען. עס איז נישטאָ קיין מיינונגס פאַרשידענהייט צווישען אונז וועגען דער נויטיגקייט צו אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע. עס איז אויך צווישען אונז נישטאָ קיין מיינונגספאַרשידענהייט וועגען דעם צו די אַרבייטער אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען וואָלטען געקענט אָרגאַניזירט ווערען אויפן באַזיס פון פאַך־יוניאָנס. מיט באַשטימטקייט זאָג איך, צוזאַמען מיט פּרעזידענט הילמאַן, צוזאַמען מיט דזשאָהן לואיס, און אַלע אַנדערע פירער פון דער סי. אַי. אָ. אַז די אַרבייטער אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען וואָלטען נישט געקענט אָרגאַניזירט ווערען סיידען אויפן באַזיס פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם.

און צום אָרגאַניזירען זיי איז נויטיגע געווען אָנשטרענגונג און געלט און אָרגאַניזאַציאָנס מאַשינערי. און צוליב די אַלע זאַכען, זאָג איך, אַז די סי. אַי. אָ. האָט דערפילט אַ היסטאָרישע אויפגאַבע אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג דורך איהר טעטיגקייט, דורך איהרע ערפאָלגען ביז איצט.

מיר האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סי. אַי. אָ. — ווען איך זאָג „מיר" האָב איך אין זינען די משפחה פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאַן — מיר האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סי. אַי. אָ. מיט'ן גאַנצען האַרצען און האָבען זי געשטיצט און געהאָלפען איהר אין אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיגקייטען אויף די פאַרשידענע געביטען.

מאַנכע מענשען באַהויפּטען, אַז מיר זיינען אַריין אין דער סי. אַי. אָ. בלויז מיט איין פוס. עס האָט געמוזט זיין עפּעס אַן אויסערגעוויינליך שטאַרקע פוס ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט אונזער רעקאָרד פון טעטיגקייטען און ביישטייערונגען זינט מיר האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סי. אַי. אָ.

מיר זיינען געווען און זיינען נאָך היינט צוזאָג פאַר די צילען און אויפגאַבען פון דער סי. אַי. אָ., וואָס איז צו אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע און צום אָרגאַניזירען די אַרבייטער אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען אויף אַן אינדוסטריעלען באַזיס, אין אינדוסטריעלע יוניאַנס. מיר האָבען זיך פאַרפליכטעט צו דער פּראָגראַם און מיר וועלען פאָרטזעצען צו שטיצען איהר. מיר ווילען אָבער נישט שטיצען אַ פּראָגראַם פון צעטיילונג און דאָס פאַראייביגען די צעשפּליטערונג אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

עס זיינען פאַראַן גרופּען אין דער סי. אַי. אָ. וועלכע זיינען ניט גערען זיך צוריקצוקערען אָדער זיך ווידער פאַראייניגען מיט דער אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר. פאַראַן אויך גרופּען אין דער פעדערעישאַן וועלכע זיינען צופרידען מיט דער שפּאַלטונג אין דער אַרבייטער באַוועגונג און ווילען אַז זי זאָל אָנהאַלטען. ווען מיר גלידערען פאַנאַנדער די אמת'ע לאַגע, באַלאַנגען מיר, די א. ל. ג. וו. יו. צו אַ גרופּע וועלכע איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער סי. אַי. אָ. און שטיצט איהר, אָבער איז גלייכצייטיג איבערגעגעבען צו אַ פּאָליסי פון אַרבייטען אונאויפהערליך און אַקטיוו אין דער ריכטונג פון איינשטעלען פרידען צווישען די צוויי טיילען פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

און ווען מיר רעדען פון פרידען, האָבען מיר ניט אין זינען פרידען אום יעדען פּרייז. ווייל אויב מיר וואָלטען געמוזט איינשטעלען פרידען אין דער אַרבייטער באַוועגונג פאַר'ן פּרייז פון אויפגעבען די אידעע פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען וואָלט איך אַרויסגעטראָטען געגען אַזאַ סאָרט שלום מיט אַלע מיטלען וואָס איך פאַרמאָג. אויב פרידען זאָל דאַרפען איינגעשטעלט ווערען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג אויפ'ן חשבון פון פאַנאַנדערטיילען און אָפּזונדערען די אַרבייטער וועלכע זיינען שוין אָרגאַניזירט אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען, אין פאַרשיידענע פאַך יוניאַנס, וואָלט איך געווען געגען דעם און וואָלט געקעמפט געגען אַזאַ פרידען.

מיר זיינען פאַר פרידען בלויז אויפ'ן באַזיס פון אָנערקענען די אָריגינעלע אויפגאַבע פון דער סי. אַי. אָ. דאָס הייסט פאַר אינדוסטריעלע יוניאַנס אין די מאַסען פּראָדוקציע אינדוסטריען און פאַר פאָלשטענדיגען אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער.

איך בין איבערצייגט אַז מיר מאַכען פאָרטשריט אויפ'ן וועג צו פרידען טראָץ דעם וואָס עס גייהען איצט ניט אָן קיינע פאַרהאַנדלונגען און עס זיינען דערווייל נישטאָ קיין אויסזיכטען אַז אַזעלכע פאַרהאַנדלונגען זאָלען געהאַלטען ווערען אין דער באַלדיגער צוקונפט. טראָץ דעם אָבער גלויב איך, אַז מיר מאַכען פאָרטשריט שוין דערמיט אַליין וואָס אַלע אָנערקענען איצט אַז פרידען אין דער אַרבייטער באַוועגונג איז זייער נויטיג. מיר מאַכען פאָרשריט דערמיט וואָס אַפילו די וואָס זיינען ביז ניט לאַנג צוריק געווען געגען פרידען אָנערקענען היינט אַז פרידען איז נויטיג און זיינען גרייט צו פאַרהאַנדלען וועגען פרידען.

איך וויל ניט אַריינגיין אין דער געשיכטע פון דער שטעלונג פון פאַרשיידענע גרופּען אין דער אַרבייטער באַוועגונג און זייער באַציהונג צו פרידען. איך בין אָבער גליקליך צו זען אַז גרופּען וועלכע זיינען פריהער נישט געווען פאַר פרידען, און גרופּען וועלכע האָבען אין אָנהויב, ווען די סי. אַי. אָ. האָט זיך אָרגאַניזירט געדענקט, אַז די אַלטע אַרבייטער באַוועגונג, די אַ. פ. אָוו ל. וועט פאַרניכטעט ווערען און די סי. אַי. אָ. וועט פאַרנעמען איהר פּלאַץ, און דעריבער איז גאָר נישט נויטיג צו רעדען אָדער טראַכטען וועגען ברייינגען פרידען, הויבען שוין אָן איינצוזעהן, אַז די אַ. פ. אָוו ל. וועט נישט פאַרניכטעט ווערען און דאָס זעלבע איז אויך דער פאַל אין צווייטען לאַגער. גרופּען אין דער אַ. פ. אָוו ל. באַגרייפען שוין איצטער אַז די סי. אַי. אָ. קען נישט און וועט נישט פאַרניכטעט ווערען.

אין אַנדערע ווערטער: איין מאָל ווערט אָנערקענט אַז עס זיינען פאַראַן צוויי, כמעט גלייך שטאַרקע טיילען אין דער אַרבייטער באַוועגונג וועלכע קענען נישט פאַרניכטעט ווערען און איינע קען נישט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער צווייטער, וועט סוף כל סוף געפונען ווערען אַ פאָרמולאַ פאַר פרידען און איינגקייט צווישען די צוויי טיילען.

און ווען איך רעד פון פרידען וויל איך נאָך אויסדריקען דעם געדאַנק, אַז ווען עס ווענדט זיך אָן מיר וואָלט איך נישט געצעגערט, כדי צו ברייינגען פרידען, זיך אַוועקצוזעצען פאַרהאַנדלען מיט ביל האַטשעסאָן, דען טאָבין אָדער ווער עס איז אַנדערש און מאַכען אַן אָנשטרענגונג אין דער ריכטונג.

און לאָזט מיר אייך זאָגען נאָך איין זאַך וואָס איך האָב שוין געזאָגט ביי פריהערדיגע געלעגענהייטען. פרידען אין דער אַרבייטער באַוועגונג וועט קיין מאָל נישט זיין קיין איין זייטיגע אַנגעלעגענהייט. אַזאַ סאָרט איין זייטיגער פרידען וואָלט נישט האָבען דעם מינדעסטען ווערט אויב אַפילו מען וואָלט עס געקענט צושטאַנד

אויף אַרבייט אין טורמע־שפּיטאָל, און טאַקע ביים שפּיטאָל איז מיין צימער, מיין טורמע־קאַמער...

באַלד כאַפּט ער זיך:

— וואָס דערצייל איך אייך וועגן מיין טורמע. וועגן טורמעס ווייסט איר דאָך בעסער, וועגן קאָנצענטראַציע לאַגערס, עס איז גאָר אַ חרפּה צו פאַרגלייכען מיין טורמע צו אייערע... נישט אמת, קאַמעראַד? אָט זעט איר דאָך, זיצען מיר און שמועסען אפילו אין טורמע. קען מען דאָס אויך ביי אייך?

איך זעה, אַז ער איז אַ מייסטער אויף טורמע־געשפּרעכען, ער רעדט שטיל, מיט די ליפּען אויפֿן סאַמע ווענטעל, וואָס טיילט אונז פונאַנדער, בלויז איך קען הערען דער וועכטער וועט אונזער שמועס ניט דערהערען. איך זעה אָבער, אַז דעם וועכטער ליגט נישט אונזער שמועס אפילו אין דער לינקער פּיאָה.

— מען האָט דערציילט, חבר טאָם, — זאָג איך איהם, — אַז מען האָט אייך געוואָלט אַרויסלאָזען אויף בעיל, נאָר איר האָט זיך אָפּגעזאָגט. איז דאָס אמת?

— אודאי האָבען זיי געוואָלט — ענטפערט ער מיר, — אָבער וואָס טויג דאָס מיר? אונטער בעיל וואָלטען זיי שוין באַגראָבען דעם גאַנצען ענין. ניין, דער ענין מוז קומען נאָכאַמאָל צו דער עפענטליכקייט, מוז קומען צום העכסטען געריכט. די פאַלשקייט מוז אויפגעדעקט ווערען. ווען איך געה אַרויס אויף בעיל, טאָר איך פון שטאַט נישט אַרויספאָרען, טאָר איך נישט ריידען, נישט שרייבען וועגען דער זאַך און וועגען אַנדערע זאַכען. מען שטעלט מיך אויף אַ „דזשאָב" צו אַרבייטען, און איך טאָר נישט פון אים אָפּטרעטען. דאָס הייסט — זיין אַן אַרעסטאַנט אויף דער פריי... אַ, ניין! עס איז שוין גלייכער צו זיצען אין טורמע. מען טאָר נישט זיי לאָזען זיך אַרויסדרייען פון ענין! — מיר דאַרפען קעמפען עקשנות'דיג, מיר דאַרפען נישט מוחל זיין אויף אַ שפּרינקעלע פון אונזערע רעכט. די גערעכטיגקייט קאָן זיין נאָר אַ פולע, אַ הונדערט פּראָצענטיקע!

— גלויבט איר צו געווינען אין העכסטען געריכט?

— איך דאַרף געווינען, איך מוז געווינען. וואָס עפּעס איך? — מיר דאַרפען אַלע געווינען. אָבער — מען קען אַ שלאַכט פאַרשפּילען, מען קען צען שלאַכטען פאַרשפּילען, די מלחמה וועט מען אָבער געווינען. וואָרים אָט, למשל, שפּאַניע...

ער שפּרינגט אַוועק פון זיין טורמע סען־קווענטין און לויפט איבער דער וועלט. ער רעדט טיף פון האַרץ אַרויס, פון אַן אויסטערלישער טיף, ממעמקים. עס זיינען מיט אַ פּאָר טעג צוריק געווען ביי אים דריי שפּאַניער, קעמפער, אַ דעלעגאַציע פון שפּאַניע. אַלץ וואָס זיי האָבען דערציילט שטייט פאַר זיינע אויגען. אָבער:

— איינהייט — דאָס איז איצט ביי טאָם מוני די העכסטע גאַרונג. ער האָט גערעדט וועגען אַרבייטער־איינהייט, ווי וועגען העכסטען גליק, ער האָט אַזוי די ווערטער געריסען פון האַרץ אַרויס.

— מען מוז איצט פאַרזען קליינינגקייטען, מיינונג־פאַרשידענהייטען, מען מוז זיך ראַטעווען. וואָס וועט זיין, קאַמעראַד? וואָס וועט זיין!...

ער בלעטערט דורך די געשיכטע פון דייטשלאַנד ביז היטלער'ס נצחון, ער ציילט די שטימען פון די לעצטע פאַר היטלער־וואַלען און ער גיט אַ כאַפּ דעם לעצטען ציפער אַזוי ווי אַ שטיק פייער:

— פופציק מיליאָן מאַרקסיסטען, סאָציאַליסטען און קאָמוניסטען, און — גאָרנישט. און היטלער האָט זיי געבונדען אין איין נאַכט!...

איצט וויל ער ביי מיר וויסען:

— אַז עס וועט אויסברעכען אַ מלחמה קעגען ראַטען־פאַרבאַנד, וואָס וועלען טאָן די אַרבייטער פון אייראָפּע?

ער רעדט אַצינד גאָר שטיל, אויפ'ן סאַמע ראַנד פון ווענטעל, וואָס טיילט אונז פונאַנדער, ער זאָרגט, אַז חוץ מיר זאָל קיינער נישט הערען:

— זיי גייען אַלע אויף מאָסקווע. דאָס איז פאַר זיי דער לעצטער, דער געגאַרטער פּונקט. זיי ווילען גיין אַלע — דייטשלאַנד, איטאַליע, ענגלאַנד, פראַנקרייך... און עס וועט העלפען, וועט מען אַמעריקע אויך צושלעפען. און וואו איז יאַפּאַן? אַלע, אַלע. זיי ווילען איבערנעמען, פאַרניכטען. מיר קריגען זיך וועגען פּרטים, וועגען פעלערן, מיר שפּאַלטען זיך צוליב טאַקטיק־פראַגען און זיי — זיי ווילען אין גאַנצען. זיי פאַרקוקען אויף די חלוקים צווישען טאָטאַלען פאַשיזם, נאַציזם און קאַפּיטאַליסטישער, אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע, און — מאַרשירען, זיי גייען מיט האַקען־קרייצען, מיט שוואַרצע העמדער, מיט „אויסגעצייכנטע זאַכען", מיט ברוטישע פירער... וואָס איז דאָס פאַר אַ „קללה אויף אונז?"

— טאָם, מיט ווען וואָלט איר בעגאַנגען, ווען איר וועט פריי פון טורמע?

— מיט'ן אַרבייטער קלאַס, איך וואָלט געקעמפט פאַר איינהייט, איך וואָלט גאָר אַוועק קיין שפּאַניע... — ענטפערט ער מיר מיט אַ טיפען אויפריכטיגקייט.

— זייט איר אַ סאָציאַליסט? אַ קאָמוניסט? — פרעג איך ביי אים.

—איך בין אַ סאָציאַליסט! — שרייט ער אַרויס — ביז מיין אַרעסט בין איך געווען אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין 1908 יאָר, ווען דעבס איז געלאָפען פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטען, בין איך דריי חדשים מיט אים אַרומגעפאָרען איבער'ן לאַנד און אָרגאַניזירט די קאַמפּיין מיטינגען. אין צייט פון דער מלחמה בין איך געווען געגען קריג. אין 1916 האָט מען מיך אַריינגעוואָרפען אין טורמע. איצט בין איך געגען די רעפאָרמיסטען, איך בין אַ רעוואָלוציאָנער. איך וויל זען די איינהייט פון אַרבייטער קלאַס.

איך פּראָוו אים עפּעס זאָגען וועגען דעם, ער רייסט מיך איבער.

— לאָמיר — ענטפערט ער מיר — לאָמיר דאָס לאָזען. צוליב וואָס זאָלען מיר פונאַנדערבינדען וואונדען? לאָמיר איצט מער נישט טאָן, וואָס מיר האָבען פריער געטאָן, מיר אַלע...

— און וואָס איז אייער מיינונג וועגען די פּראָצעסען אין מאָסקווע? מיינט איר, אַז זיי העלפען דער אידייע פון איינהייט?

— דאָס איז אַ טראַגעדיע! אין דייטשלאַנד — אַ טראַגעדיע, אין עסטרייך אַ טראַגעדיע, אין שפּאַניע אַ טראַגעדיע, אין סאָוועט־רוסלאַנד — אַ טראַגעדיע...

ער קימערט זיך שוין נישט, וואָס ער זאָגט עס הויך.

ער פרעגט ביי מיר:

— אָבער זיי זיינען זיך דאָך מודה? עס איז דאָך געווען אַן אָפענער פּראָצעס? איז דאָך עפּעס . . . ניין?

איך זאָג אים וואָס איך טראַכט וועגען דעם. ער הערט, ער הערט ביז'ן סוף, נאָכדעם זאָגט ער:

— אָבער, אָבער רוסלאַנד און שפּאַניע זיינען ביידע אויף דער ערשטער פייער־ליניע, וועלן מיר זיך פונאַנדערעכענען נאָכדעם. אָבער ווען עס שטייט אַלץ אין קאָן, מוז מען ראַטעווען, ראַטעווען, קאַמעראַד, פילט איר אויך, אַז מיר זיינען ביים תהום?

אַביסל ווייטער פון אונז זיינען געזעסען אַרעסטאַנטען און איבער די ווענטלעך געשמועסט מיט זייערע פריינט. טאָם מוני האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי און צו מיר געזאָגט:

דאָ אין טורמע זיינען היינט דאָ מאָדנע פאַרברעכער. יעדער צווייטער איז אַ מערדער. איינער האָט דערמאָרדעט זיין אייגענע מוטער, איינער — זיין פרוי, איינער זיין אייגענעם פאָטער. עפּעס טוען אָפּ די מענשען אַזעלכע שוידערליכע מיאוסקייטען, ווי די מענשהייט וואָלט קראַנק געוואָרען אויף אַ מאָראַלישער צרעת. דאָס אַלץ איז קרענק פון נאַציזם, פון פאַשיזם. אַזוי ווי די מענשהייט וואָלט זיין פאַר איר אונטערגאַנג.

טאָם מוני איז אַנגעטאָן אין אַ ווייסען, זייער קלאָרען לייווענטענעם אַנצוג. זיין קאָפּ איז ווייס, דער שטערן הויך, פון אונטער די ברילען קוקען אַרויס גליענדע אויגען. ער נעמט מיך אָן ביי די הענט נאָכדעם ווי איך דערצייל אים אַביסעל וועגען אייראָפּע און ער זאָגט:

— דו ביסט אַ איד? נאָך ערגער ווי אַ שוואַרצער, ווי אַ ניגער אין אייראָפּע? פּוילען, עסטרייך, דייטשלאַנד, רומעניע... וואָס? פּאָגראָמען? מען יאָגט זיי, די אידען, מיט בייטשען. — ער פרעגט מיך איבער נאָכאַמאָל: ביזטו אַ איד? וואָס פילסטו, זאָג מיר! איך וואָלט איצט וועלען זיין אין דיין הויט, זיין אַ איד... עס איז דאָך אַזאַ קרייץ, אַזאַ לאַסט, נאָר — זאָגט ער מיר אָן, — ווייס, אַז דאָס אידישע פאָלק מוז פאַרבינדען זיין גורל מיט'ן גורל פון די אונטערדריקטע מאַסען פון דער וועלט, מיט'ן אַרבייטער קלאַס, מיט די פּראָגרעסיווע כחות, אין קאַמף קעגען פאַשיזם ליגט דער אויסוועג!

איך דערצייל איהם וועגען אונזערע קאַמפען, וועגען אונזערע פּערספּעקטיוועז, זאָגט ער מיר:

— זאָג דיין מאַסע, זאָג דיין קלאַס, אַז איך סאָלידאַריזיר זיך מיט אייך, מיט אייך אַלע, אַז איך בין מיט אייך...

אַ טורמע־אָפיציר איז צו אונז צוגעקומען. ער האָט שטיל געזאָגט מוני'ן:

— טאָם, דיין אַדוואָקאַט איז געקומען, ער זאָגט, אַז ס'איז זייער וויכטיק.

מיר האָבען זיך געזעגענט. איך ווינש אים אַרויסצוקומען אויף דער פריי.

זאָגט ער מיר:

— וועל, קאַמעראַד, איך וועל אפשר מיין פרייהייט באַקומען, אָבער וואָס טויג דאָס אַרויסגיין פון דער טורמע סען־קווענטין און אַריינקומען אין אַ טורמע, וואָס הייסט „די וועלט"?

איך בין אַרויס פון דער תפיסה. איך האָב געפּיהלט, ווי איך וואָלט אָפּגעפרישט געוואָרען פון דעם מענשען, וואָס זיצט שוין צוויי און צוואַנציג יאָהר אין דער תפיסה פון סען־קווענטין.

## גראָסשטאָט

### פון נחמיה קליין

ווי גרינג עס איז אין דיר צו גראָמען פון הונגער און פון נויט,
ווייל הונגער גייט דורך דיינע גאַסן צעכראַסטעט און צעשפּרייט.
דיינע שפּייכלער זיינען פול מיט שפּייז, דיינע טישן שטייען גרייט —
און דיינע בויער בלאָנדזשען אום מיט אויגען פול מיט טויט!...
און די גליקליכע וואָס בייטען נאָך זייער בלוט פאַר'ן ביסען ברויט
פאַרצערן דאָס מיט ציטערדיקע ציין ווייל אויף אַ האָר הענגט גרייט
דער שווערד פון נויט, און אויף יעדער טריט אַ גיט־פאָרגינער שטייט

ביסטרע גלאָצן דיינע אויגן פון די שטאָל־שטיינערנע ווענט
אויף די וואָס האָבען דיך געהויבען מיט זייערע שטאַרקע הענט
אַריינגעמויערט אין דיר זייער יוגנט, זייער כוח אויף דיר פאַרשווענדט...
אָבער דו האָסט געלעסטערט זייער גלויבען, זייער צוטרוי געשענדט,
זייערע חלומות פאַרלאָכט, זייער צוקונפט פאַרלענדט...
און איצט שיקן זיי בלייכע בליקן, בעטלענדיק צו דיר געווענדט
ווי זוכנדיק ברויט און האָפענונג אין דיינע ציגעל און צעמענט...

האָסט אָנגעזאַמלט אַלע אוצרות פון אָטען און פון רוים
און יעדער לאַנד'ס שאַפונג און יעדען דור'ס רוים,
און צירסט מיט זיי דיין מירמלענעם גוף פון קאָפּ ביז'ן זוים...
אָבער פאַר דיינע בויער האָסטו תפיסות און מאַטערכעס פון סדום.
פאַר זייערע אויגען — טרערן, פאַר ברוסטען — לופט צום לעבען קוים...
ביז —

אַ טאָג וועט איינמאָל אויפגיין מיט ליפּען פול מיט שוים,
ער וועט צעברעכען אַלע גראַטעס, צעברעקלען יעדען צוים
און אויסרייסען דיך מיט'ן וואָרצל ווי אַן אַלטן, צעפוילטן בוים!...

# אַן איבערבליק איבער דער פאַרגאַנגענהייט

פון דזשאָזעף ברעסלאַו
מענעדזשער קלאָוק־פּרעסערס יוניאָן לאָק. 35.



ען איך זיץ איצט און איך טראַכט פון דעם 'דרייפאַכיגען יובילעאום אין אונזער לאָקאַל, פיל איך ווי צו געבען אַן איבערבליק איבער דער פאַרגאַנגענהייט. איך פיל אַז אונזער אָרגאַניזאַציע איז דורכגעגאַנגען אַ גלאָררייכע געשיכטע, האָט דורכגעלעבט און דורכגעמאַכט אַ סך ערפאַרונג, און עס פּאַסט זיך ביי דער איצטיגער צייט מען זאָל זיך אָפּגעבען אַ חשבון פון אונזער אָרגאַניזאַציע און אַ בליק טאָן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

מיר דאַרפען אַלע זיין שטאָלץ מיט לאָקאַל 35 פאַר פאַרשידענע אורזאַכען. ניט דערפאַר ווייל מיר זיינען, חלילה, בעסער פון אַלע איבעריגע שוועסטער אָרגאַניזאַציעס פון אונזער יוניאָן, אָבער דורכקוקענדיג אַלעס וואָס האָט פּאַסירט, און די רייכע געשיכטע אונזערע, וואָס שוועבט איצט פאַר מיינע אויגען, גיט עס מיר דעם געפיל, אַז מיר האָבען אויפגעטאָן זעהר אַ סך וואָס איז שייך פאַר אונזערע מעמבערס און דעם אויפטו דאַרפען מיר ניט מינימיזירען אונטער קיין פאַל. דאָס איז אמת פאַר די „אַלד־טאַימערס" פון אונזער יוניאָן, פאַר אַלע אונזערע אַקטיווע מעמבערס, פאַר אונזער אַדמיניסטראַציע פון דער יוניאָן און פאַר דער אָרגאַניזאַציע זעלבסט, וועלכע שטעהט העכער פון דעם איינצעלנעם און וועט פאַרזעצען איר עקזיסטענץ און טעטיגקייט מיט אָדער אָן אונזער אָנוועזענהייט.

איך בין נאָר־וואָס אַלט געוואָרען 51 יאָר. פון די 51 יאָר „באַלאַנגען" 34 יאָר צו דער אַלגעמיינער אַרבייטער באַוועגונג. 29 יאָר פון זיי „באַלאַנגען" צו לאָקאַל 35. איין זאַך איז זיכער, אַז ווען איך זאָל האָבען אַ מעגליכקייט איבערצולעבען נאָך אַמאָל די אַלע 51 יאָר און האָבען אַ מעגליכקייט דאָס אַלעס איבערצו'חזר'ן, וואָלט איך דאָס געטאָן. מיין וועג איז ניט געווען אויסגעבעט מיט בלומען. איך בין געווען פאַרמישט אין אַ סך סכסוכים, אין אַ סך קריגערייען. איך האָב געהאַט מיין חלק פון טראָבעל און מיין חלק פון ליידען. איך האָב אויך נאַטירליך געהאַט מיין חלק פון מאַכען פעלערען. אָבער מיט דעם אַלעמען איז אין אַלגעמיין האָב איך געהאַט פאַרגעניגען פון מיין אַרבייט, איך האָב אַלעמאָל געפונען אינטערעס אין דער אַרבייט און די אַרבייטער באַוועגונג איז מיר קיינמאָל ניט געוואָרען איבערדריסיג. און איך גלויב אַז מיט אַלע סכסוכים און שוועריגקייטען איז אונזער אַרבייט ניט געווען אומזיסט.

איך דערמאָן זיך ווי איך בין געוואָרען אַ פּרעסער. מיין ערשטער דזשאַב איז געווען ביי מאיר וועסעל, אויף דעם 6טען פלאָר אין דיוויזשאָן סטריט. מיין רבי איז געווען אַ פּרעסער מיט דעם נאָמען היימאַן גרין. ער איז נאָך איצט אַ פּרעסער און ער אַרבייט נאָך אין טרייד. נאָר אַ פּאָר פון די וואָס האָבען אין שאָפּ געאַרבייט זיינען געווען באמת פּרעסערס. די איבעריגע זיינען געווען אַלע נייע אָנגעקומענע אימיגראַנטען, גרינע, לערנערס. איינִיגע זיינען נאָך געווען אין דער לערע, האָבען געאַרבייט צוויי וואָכען אומזיסט און נאָך צוגעצאָלט פינף דאָלער. אַנדערע זיינען שוין געווען אַרויס פון דער לערע און האָבען שוין אָנגעפאַנגען קריגען דריי אָדער דריי און האַלב דאָלער אַ וואָך פאַר זייער אַרבייט.

מיר אַלע האָבען געאַרבייט אונטער אַ סאַב־קאָנטראַקטינג סיסטעם. איך געדענק יענע צייטען זעהר גוט. עס שטעהט מיר כמעט ווי פאַר די אויגען. שטונדען האָט מען געאַרבייט פון 7 אין דער פרי ביז 7 ביינאַכט, חוץ אָווערטיים. און דאָס וויכטיגסטע, ווי מיר פאַרשטעהען דאָס איצט, איז ווי אַזוי די פּרעסערס זיינען איבערהויפּט אוממענשליך באַהאַנדעלט געוואָרען.

איך געדענק דעם ערשטען פרייטיג פאַרנאַכט אין שאָפּ, ווי די אָפּערייטאָרס האָבען געסטאָפּט אַרבייטען. מיט איין מאָל האָט דער צווייטער העד־פּרעסער, אַ אידעל מיט אַ בייכעל, מיט אַ קליין בערדעל — דוכט זיך געווען אַ גאַליציאַנער מיט'ן נאָמען לייזער, אַ טיפּישער העד־פּרעסער פאַר יענער צייט — מיט אַמאָל געבראַכט אַ גאַנצע באַנטש מיט ברומס און האָט געגעבען אַ געשריי: „פּרעסערס נעמט זיך צו דער אַרבייט!"

איך האָב אינגאַנצען ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט, אָבער, זעהענדיג ווי איך שטעה, האָט ער געגעבען אַ געשריי: „וואָס שטעהסטו? נעם אַ ברום און קער אויס דעם שאָפּ!" דאָס איז געווען מיין ערשטער פּראָטעסט ווען איך האָב דאָס ניט געוואָלט טאָן. איך האָב ערקלערט אַז איך בין זיך געקומען לערנען פּרעסעריי און ניט צו זיין אַ סטריט־קלענער. ווי איך פאַרשטעה, איז מיין ענטפער ניט זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען מיין העד־פּרעסער.

פאַר מיינע אויגען שוועבט דער ערשטער מיטינג פון די פּרעסערס פון דעם שאָפּ. דער העד־פּרעסער האָט אונז אַלעמען פאַררופען אין בעק פון אַ סאַלון אין לודלאָו סטריט. ער האָט אונז געטריט מיט גרויסע סקונערס ביער און האָט אונז ערקלערט, אַז עס קאָן זיין אַז מיר וועלען דאַרפען סטרייקען פאַר דער אורזאַכע וואָס ער קען ניט אויסקומען מיט דעם באַלעבאָס וועגען אַ ניקעל פאַר דעם גאַרמענט. אַלע פּרעסערס זיינען געזעסען און געשוויגען. אָבער איך האָב זיך אָפּגערופען, אַז סטרייקען בין איך גראָד צופרידען, אָבער אויב שוין יאָ סטרייקען, זאָלען מיר סטרייקען אַז אַלע זאָלען אַרבייטען פון וואָך און טאַקע פאַר דעם באַלעבאָס דירעקט. איר קענט זיך שוין אַליין פאַרשטעלען ווי די העד־פּרעסערס האָבען געגליכען מיינע רייד. זיי האָבען מיר גלייך געזאָגט: „וואָס איז דער מער מיט דעם גרינעם? עפּעס מישט ער זיך צופיל. ער האַלט אין איין רעדען! ער האַלט אין איין פרעגען פראַגען!"

איך דערמאָן זיך אויך דעם ערשטען דזשאַב וואָס איך האָב געקראָגען אין מאַרקעט. איך בין געקומען אין לודלאָו און גרענד סטריט שבת פאַרנאַכט, וואו אַלע העד־פּרעסערס אָדער קאָנטראַקטאָרס פלעגען זיך צוזאַמענקומען זוכען גאַנצע פּרעסערס, אונטער־פּרעסערס, גרינע, פאַרשידענע, און איך געדענק פּינקטליך ווי איינער אַ העד־פּרעסער האָט מיר געוואָלט אַרויפנעמען אויף אַ דזשאַב, נאָר דער טראָבעל איז געווען וואָס ער האָט פאַרלאַנגט אַז איך זאָל אים געבען פופציג סענט דעפּאָזיט, אַז איך וועל קומען צו דער אַרבייט אין דערפרי, וואָס דאָס איז געווען די געוויינליכע מאָדע אין יענער צייט, און איך האָב ניט געהאַט קיין פופציג סענט. איך האָב דאָס געסעטעלט פאַר 25 סענט. איך האָב געקראָגען דעם דזשאַב.

איך דערמאָן מיך אויך ווי אַזוי איך האָב אַליין באַזוכט דעם ערשטען מיטינג פון דער קלאָוק פּרעסערס יוניאָן. איך האָב געלעזען אַן אַדווערטייזמענט אין „פאָרווערטס", אַז עס וועט זיין אַ מאַס־מיטינג אין 85 איסט 4טע סטריט. ווען איך האָב נאָר דערזעהן דעם אַדווערטייזמענט, האָב איך שוין געוואַרט מיט אומגעדולד ביז דער מיטינג וועט פאַרקומען. ווען איך בין געקומען צום מיטינג, האָב איך דאָרטען געטראָפען צום ערשטען מאָל אונזער בלום'ען אלס טשערמאַן. דאָרטען האָב איך צום ערשטען מאָל באַגעגענט זיגמאַנ'ען, גאָלדאָווסקי'ן, מעניע'ן, זאַסלאַווער, קימבאַרעווסקי'ן, לובינסקי'ן און סלאַווינ'ען. די הויפּט זאַך מיט וואָס דער מיטינג האָט זיך פאַרנומען, איז ווי אַזוי צו ווירקען, אַז די פּרעסערס זאָלען אַריינקומען אין לאָקאַל 35. איך געדענק ווי אַן אַלטער פּרעסער, וואָס איז דאַמאָלס געווען באַקאַנט אין דעם טרייד אונטער דעם נאָמען „שעכטערעל", און איז געווען זעהר פּראָמינענט דערמיט וואָס אַלע האָבען געוואוסט אַז ווען ער רעדט דרעהט ער מיט דעם פּיסעל, און אַן אַנדער פּרעסער, מיט דעם נאָמען געלער, האָבען געהאַלטען אין איין שרייען ביים מיטינג, אַז ווען מען לאָזט זיי און ווען דער לאָקאַל זאָל באַשליסען בלויז 50 סענט איניטיאיישאָן פּי, ברענגען זיי אַריין טויזענדער אין דער יוניאָן. גערעדט האָט מען לאַנג. דאָס איז אויך געווען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטען. באַשלאָסען האָט מען, אַז די יוניאָן זאָל אַרויסלאָזען אַ מאַניפעסט און מען זאָל יעדען איינעם רעכענען בלויז איין דאָלער איינטריט געלד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נאָך דעם מאַניפעסט זיינען אפשר אַריינגעקומען אַ טוצען מעמבערס און מען האָט געמוזט וואַרטען ביז 1910 ווען די גרויסע מאַסען זיינען אַריינגעקומען אין דער יוניאָן.

איך געדענק ווי סאַדאָווסקי האָט געמופּט זיין שאָפּ פון ליספּענאַרד סטריט צו דער עלפטער סטריט, וואָס דאָס איז דאַמאָלס פאַררעכענט געוואָרען אלס נאָר, נאָר אַפּטאַון. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין מאַרקעט, אַז סאַדאָווסקי דאַרף האָבען פּרעסערס. און די אַלע יונגע פּרעסערס — און איך צווישען זיי — האָבען זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דעם דזשאַב. איך האָב דעם דזשאַב געקראָגען, אָבער איך האָב לאַנג דאָרטען ניט געאַרבייט, ווייל די רעגעלע פּרעסערס פון דעם שאָפּ האָבען דורך אַ תירוץ, אַז זיי ראַפּלען אָפּ אַ וואַטש, גערופען אַ מיטינג אין פאָרסייט סטריט מיט דעם צוועק, אַז מען זאָל שיקען אַ קאָמיטע צום באַלעבאָס, אַז ער זאָל אַרונטערוואַרפען אַלע נייע פּרעסערס אום זיי זאָלען קענען אַרבייטען אָווערטיים. אונז האָט מען צום מיטינג ניט אַריינגעלאָזען. אָבער אַזוי ווי מיר זיינען דאַמאָלסט אַלע געווען יונג און געזונט, האָבען מיר זיך צום מיטינג אַריינגעריסען. איך געדענק ווי איך האָב געמאַכט אַ ליידענשאַפטליכען אַפּיל צו די פּרעסערס: — „וואָס האָט איר צו אונז? מיר דאַרפען דאָך אויך לעבען!" און איך האָב צו זיי אַפּעלירט אַז די בעסטע זאַך וואָלט געווען ווען מיר זאָלען זיך אַלע אָרגאַניזירען און באַלאַנגען צו דער יוניאָן און דורך דעם וועלען מיר שוין אַלע ווי עס איז קאָנען מאַכען אַ לעבען. אָט דער ספּיטש האָט מיר געקאָסט מיין דזשאַב, ווייל ווען עס איז געקומען פרייטאַג, האָב איך געקראָגען פּעי און אויף מיין פראַגע וואָרום שיקט מען מיך אָוועק, האָט סאַדאָווסקי'ס אַ קרוב, מיט דעם נאָמען „יחיאל", וועלכער האָט אויפגעפּאַסט אויף די פּרעסערס, מיר געענטפערט: „ביי אונז אַרבייטען מיטעליעריגע מענשען, מענשען וואָס זיי מאַכען ניט קיינע ספּיטשעס, מענשען וואָס זיי באַדערען זיך ניט מיט קיין יוניאָן, וואָס זיי זוכען ניט קיין טראָבעל. דיין טיפּ טראָבעל מאַכער וועט קיינמאָל קיין לעבען ניט קאָנען מאַכען".

איך האָב יענעם סעזאָן פאַרלאָרען. איך האָב געמוזט אַרומגעהן און טאָן פאַרשיידענע אַרבייטען. איך האָב אפילו געמוזט אַרבייטען אין אַ לאָנדרי. אָבער אין דער זעלבער צייט פלעגען מיר יונגע פּרעסערס קומען אין דער 14טער סטריט פּאַרק און מיר פלעגען אָגיטירען פאַר דער יוניאָן. אין יענער צייט האָט די יוניאָן ניט געהאַט קיין מענעדזשערס, ניט קיין אָפּיסערס, און עס איז ניט געווען קיין גרויסע סטעפּס, אָבער מיר זיינען געווען די וועלכע פלעגען פאַרשפּרייטען די אָגיטאַציע, אַז מען זאָל ווערען מעמבערס אין דער יוניאָן. די דאַמאָלסדיגע העד־פּרעסערס, וואָס זיינען געווען קאָנטראַקטאָרס, און זייערע נאָכשטופּערס, אַחוץ דעם וואָס זיי פלעגען אונז ניט אַרויפנעמען צו דער אַרבייט, פלעגען זיי נאָך פון אונז אָפּלאַכען און אָפּשפּאָטען און פלעגען זאָגען: „גיט אַ קוק אויף די גרינע. זיי זיינען עס געקומען איבערמאַכען אַמעריקע. זיי וועלען דאָס מאַכען אַ יוניאָן" א. אַ. וו.

אָט אַזוינע ליידען זיינען מיר דורכגעגאַנגען, מאַטעריעלע און גייסטיגע. מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַלערליי ערנידערונגען ביז וואַנען אַלע פּרעסערס און אַלע איבעריגע קלאָוקמאַכער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1910.

ווען מיר קוקען צוריק צו דעם אַלעמען, קאָנען מיר האַלטען הויך אונזער קאָפּ, פייערענדיג אונזער איצטיגען יום טוב. עס איז אמת, אַז גראָד איצט לעבען מיר דורך די ערגסטע און שווערסטע צייט וואָס אונזער לאַנד און אונזער טרייד האָט ווען עס איז דורכגעמאַכט. מיר ליידען פון אַ שרעקליכע דעפּרעסיע, וועלכע האָט געטראָפען אונזער טרייד אַזוי גוט ווי אַלע איבעריגע טריידס אין אַמעריקע. אָבער ניט קוקענדיג אויף דער דעפּרעסיע האַלטען מיר אָן אַלעס וואָס די יוניאָן האָט פאַר אונז געשאַפען אָדער אויסגעקעמפט: אונזער הויכען סטענדאַרד אין שאָפּ, ניט נאָר אין פאַרגלייך מיט דער אַלטער צייט, אָבער אפילו פאַרגלייכענדיג אונזערע סטענדאַרדס מיט די סטענדאַרדס פון די איבעריגע ברענטשעס פון אונזער טרייד. אונזערע שטונדען זיינען געשניטען געוואָרען ביז 35; קיין אָווערטיים איז ניט ערלויבט. אונזערע ווידזשעס זיינען הויך און יעדער פּרעסער איז פאַרזיכערט מיט זיין דזשאַב.

דאָס איז נאָר אַ טייל וואָס מיר האָבען געוואונען דורך דער יוניאָן. אונזער יוניאָן האָט געוואונען אָנערקענונג פון דער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג. אונזערע פּרעסערס ווערען רעספּעקטירט פון אַלעמען. אונזער אָרגאַניזאַציע איז פאַררעכענט אין אַלגעמיין אלס סאָלידע, קאָמפּאַקטע און פאַראייניגטע און אונזער רעפּוטאַציע איז זעהר אַ גוטע. מיר דאַרפען זיך ניט שעמען און מיר קענען זאָגען אָפען, אַז אויף אונז קען מען זיך פאַרלאָזען און מען קען אונז געטרויען.

מיט דעם עטאַבלירען פון דער יוניאָן אין קלאָוק

בריינגען. דאס דארף שוין איצט קלאר זיין צו ביידע צדדים אין דעם היסטארישן געראנגעל. נאך מעהר, פרידען קען נישט און וועט נישט דערגרייכט ווערן אן נאכגעביגקייט פון ביידע זייטן.

ווי אזוי מיר זאלען אויף דער זאך נישט קוקען, צי עס איז א צוזאמענשטויס פון אישוס, אינטערעסען אדער פערזאנען, אויב מיר ווילען אויסגלייכען די צוויסטיגקייטען און שאפען א פארשטענדיגונג איבער די אישוס, אינטערעסען אדער צווישען די פערזאנען מוז יעדער צד עפעס נאכגעבען. מיר מוזען קוקען די פאקטען און ווירקליכקייטען אין פנים. איך וויל זיך איצט נישט אריינלאזען אין דעם וואס עס האט פאסירט אין די לעצטע פרידענס פארהאנדלונגען און וואס עס האט געבראכט זייער דורכפאל. איך וויל בלויז אויסדריקען מיין מיינונג, אז איך, מעהר ווי אימיצער אנדערש באדויער דאס וואס פרעזידענט הילמאן האט זיך נישט געקענט באטייליגען אין דער קאנפערענץ צוליב זיין קראנקהייט. איך האב געהאט גלויבען און צוטרויען, אז ווען ער וואלט זיך באטייליגט אין די קאנפערענצען וואלט דער אויסגאנג געווען א גאנץ אנדערער. איך ווייס זיין שטעלונג אין דער אנגעלעגענהייט און איך האב גוטע אורזאכען צו גלויבען, אז מיט זיין אנזען און איינפלוס אין דער סי. אי. א. און מיט זיינע פיהיגקייטען צו אונטערהאנדלען, וואלטען די רעזולטאטען געווען גאנץ אנדערע. איך בין אין איין זאך איבערציוגט: מען דארף מאנכעס מאל בלויז אין מענשען ארויסצורופען א קריג, מען מוז אבער האבען צוויי צו שליסען פרידען. ווערטער אליין שאפען קיין מאל נישט קיין פרידען סיידען די ווערטער וועלען פארוואנדעלט ווערען אין מעשים.

וואס מיר אנבעלאנגט, קענען מיר אנהויבען פון דעם זעלביגען פונקט וואו מיר האבען איבערגעלאזט לעצטען דעצעמבער, אבער דאס קען בלויז געטאן ווערען אין באנייטע קאנפערענצען, ווען פארהאנדלונגען וועלען באנייט ווערען, ווען מיר וועלען ווידער זיצען ביי א קאנפערענץ טיש נישט מיט'ן צוועק אויסצוכיטרעווען אדער אפנארען איינער דעם צווייטען, נאר ענטשלאסען אז די שפאלטונג אין דער ארבייטער באוועגונג זאל גאנץ געמאכט ווערען.

דאס דארף נישט זיין א פראגע פון שטאלץ אדער פון איניציאטיווע. וואס אנבעלאנגט מיין ארגאניזאציע, די אינטערנעשאנאל לעדיס גארמענט ווארקערס יוניאן, זיינען מיר היינט גרייט, פונקט ווי מיר זיינען גרייט געווען די גאנצע צייט, נאכצופאלגען און נישט צו פירען, יעדע אויפריכטיגע, אנטשלאסענע טעטיגקייט וואס וועט פירען צו באשטימטע, פראקטישע רעזולטאטען.

צו זיין מיט אייך פאלקאם אויפריכטיג, האבען מיר פון די ערשטע טעג פון דער סי. אי. א. מורא געהאט פאר דעם געדאנק אז דאס קען מעגליך פירען צו א פערמאנענטער שפאלטונג אין דער ארבייטער באוועגונג. דאס איז ווארום מיר האבען כסדר געארבייט אין דער ריכטונג פון פרידען פון אנהויב אן.

אייער אמאלגאמייטעד, מיט איהר רייכע און קאלירפולע געשיכטע, האט זיך ענטוויקעלט און איז אויסגעוואקסען אין קראפט און איינפלוס נישט זייענדיג פארבונדען מיט דער אפיציעלער ארבייטער באוועגונג. מיר אבער האבען אן אנדער טראדיציע צוליב די 40 יאהר וואס מיר זיינען פארבונדען מיט דער א. פ. אוו ל. איבער דעם ווארשיינליך האבען אונזערע מענשען אן אנדער בליק אויף איינהייט אין דער ארבייטער באוועגונג ווי עס האבען מאנכע אנדערע גרופעס. נישט דערפאר ווייל מיר האבען מעהר מורא ווי אימיצער אנדערש פאר די מעגליכע קאנסעקווענצען, נאר איבער דעם וואס אונזער ערפארונג אין דער פארגאנגענהייט און דעם פרייז וואס מיר האבען באצאלט פאר אפאזיציע יוניאנס ווען עס האט עקזיסטירט אין אונזער אינדוסטרי, האט אין אונז איינגעקריצט די וויכטיגקייט צו פארהיטען אז אזוינס זאל זיך נישט ווידערהאלען אין דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג אויב מיר קענען עס פארמיידען.

אבער פון דער צווייטער זייט, באגעגענענדיג זיך מיט דעם געדאנק אז מיר וועלען אפשר געצוואונגען זיין דורך די אומשטענדען צו פארבלייבען פאר א צייט אליין און אומאפהענגיג, קענען מיר זיך טרייסטען מיט דעם געדאנק פון אייער אייגענער געשיכטע, פון אייער אייגענעם וואוקס, ענטוויקלונג און ערפאלג דורך די אכצען אדער צוואנציג יאהר וואס איר האט געפירט אן אומאפהענגיגע עקזיסטענץ. דאס מיינט נישט אז מיר קוקען ארויס אויף דעם, אז מיר ווינשען און זוכען עס. זיכער ווילען מיר בעסער זיין דארט וואו מיר באלאנגען — צום פראגרעסיוון פליגעל פון דער ארבייטער באוועגונג. מיר וואלטען וועלען ארבייטען מיט זיי צוזאמען פאר דעם פארשריט פון די ארבייטער אידעאלען אבער גלייכצייטיג ווילען מיר, און האפען אז דאס וועט נאך מעגליך ווערען, אז אלע יוניאנס וואס זיינען אנגעשלאסען אן דער סי. אי. א. זאלען ארבייטען אין דער ריכטונג פון פרידען אום עס זאל נישט נויטיג זיין פאר קיינעם פון אונז צו שטיין אויסערהאלב, נאר מיר זאלען קענען אלע צוזאמען ארבייטען פאר א פאראייניגטער ארבייטער באוועגונג דא אין לאנד.

ווען איך קוק אויף דער קאנווענשאן, אויף די דעלעגאטען וועלכע פארטרעטען די פארשידענע געגענדען פון לאנד, די פארשיידענע פאכען, פיל איך פונקט ווי איך האב געפילט פאר א יאהרען ביי אונזער אייגענער קאנווענשאן. ווען איך האב געהערט היינט אייער כאר זינגען, ווען איך האב געהערט די אויסגעצייכענטע באריכטען וועגען די צענדליגע טויזענטער ארבייטער וואס זיינען ארגאניזירט געווארען אין נייע פאכען און נייע געגענדען, קומט מיר אויפ'ן געדאנק, אז מיר געניסען אייגענטליך היינט צו טאג די פרוכט פון דער ארבייט פון די פיאנערען וועלכע האבען געבויט די פונדאמענטען פון אונזער יוניאן און אייער יוניאן, די וועלכע האבען מקריב געווען זייערע לעבענס, זייער יוגענד און זייערע כחות, צו בויען אונטער די שווערסטע באדינגונגען אן ארגאניזאציע וועלכע זאל אויסראטען די עקספלואטאציע און איבלען פון אונזערע אינדוסטריען אויף אייביג. די פיאנערען האבען געלייגט דעם ווינקעלשטיין. און געבענדיג קרעדיט צו די וואס זיינען נאך היינט מיט אונז, לאמיר זיך פארפליכטען ניט צו רוהען, ניט צופרידען שטעלען זיך מיט דעם וואס עס איז שוין ביז איצט דערגרייכט געווארען, נאר פארזעצען דעם קאמף, כסדר ארבייטען, שטענדיג בויען כדי צו דערגרייכען דעם ענדליכען ציל פון דער ארבייטער באוועגונג.

איך וויל אייך לייענען אין דעם מאמענט אן אויסצוג פון דער רעדע וואס פרעזידענט הילמאן האט געהאלטען ביי דער לעצטער קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל. ער האט געזאגט: „לאזט מיר אייך זאגען, פרעזידענט דובינסקי, בעאמטע און דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, אז קיין זאך וועט קיין מאל נישט ערלויבט ווערען צו שאפען א ריס, צו בריינגען צוויסטיגקייטען צווישען די צוויי גרויסע ארבייטער אינטערנעשאנאלס. עס זיינען נישטא קיין שוועריגקייטען וועלכע קענען נישט אויסגעגליכען ווערען; ווען דער גרטער ווילען וואס האט אלע מאל געהערשט צווישען די מיטגלידער פון אונזערע ארגאניזאציעס וועט פארטגעזעצט, קען און וועט עס נישט געענדערט ווערען”.

און אין דעם מאמענט, ווען איך באגרייף פאלשטענדיג די פאראנטווארטליכקייט פון מיין פארטיידיגען א פאליסי וועלכע איז מעגליך נישט אין איינקלאנג מיט די מיינונגען פון אנדערע, זייענדיג באוואוסטזיניג אז מיר שטייען פנים אל פנים מיט א זייער ערנסטער סיטואציע אין דער ארבייטער באוועגונג, אז מיר טרעטען אויף געפערליכען באדען, צו מיר שטייען אויף איין זייט אדער אויף דער צווייטער, באגרייפענדיג דאס אלץ, קען איך קיין מאל נישט פארגעסען, און עס קען קיין מיטגליד און בעאמטער פון אונזער יוניאן נישט פארגעסען, די נאענטע פארוואנדשאפט, די פריינדליכע באציהונגען, דעם קא-אפעראטיווען גייסט וואס האט אלע מאל געהערשט צווישען אונזערע ארגאניזאציעס.

כאטש מיר זיינען פארוואלטעט געווארען באזונדער, כאטש מיר האבען אפט געהאט באזונדערע און פארשיידענע פאליסיס, איז אבער אלע מאל געווען דער גייסט פון אינטערעס, חבר'שאפט און ברודערשאפט צווישען אונזערע צוויי אינטערנעשאנאל יוניאנס.

און אויב עס זאל פאסירען — און איך האף אז עס וועט נישט פאסירען — אז איבער איין אורזאך אדער א צווייטער זאלען מיר נישט קענען צוזאמענארבייטען אין אלעס, וויל איך אייך פארזיכערען פרעזידענט הילמאן און אייך דעלעגאטען, אז מיר וועלען אלע מאל טייער האלטען די פריינדשאפט, די גרויסע הילף וואס איהר האט אונז געגעבען, פונקט ווי מיר זיינען מאנכעס מאל געקומען אייך צו הילף.

איהר האט א פליכט צו אייערע מיטגלידער און מיר האבען און זיינען באוואוסטזיניג איבער דער פליכט וואס מיר האבען צו אונזערע מיטגלידער. אין דעם גייסט פון אונזער פאראנטווארטליכקייט, אונזער געשיכטע און טראדיציעס, וועלען מיר אויסלייגען אונזערע פלענער פאר דער צוקונפט, אלע מאל שטרעבענדיג צו זיין מיט אייך און א טייל פון אייך.

איך גריס אייך אין נאמען פון אונזער יוניאן און ווינש אייך דעם בעסטען ערפאלג אין אייערע ווייטערע פארהאנדלונגען.

---

# מער הילף איז נויטיג פאר די קרבנות פון פאשיזם אין שפאניע

דער אפרוף פון פילע יוניאנס אויף דעם אפיל פון דער „טרייד יוניאן רעליף פאר ספעין קאמיטע” צו שאפען נאך פופציג טויזענט דאלאר פאר די קרבנות פון פאשיסטישע מערדערייען אין שפאניע, איז אויסערגעוויינליך גוט. פילע יוניאנס, ספעציעל פון די נאדעל טריידס האבען זיך הארציג אפגערופען און אריינגעשיקט זייערע ביישטייערונגען יעדע לויט אירע פינאנציעלע מעגליכקייטען. לײדער איז עס אבער ווייט ניט גענוג. די צאל קרבנות ווערט וואס ווייטער אלץ גרעסער. מיט דעם אריינדרינגען פון די פאשיסטען אין אלץ נייע און נייע געגענדען, מיט דעם פארגרעסערטען חורבן וואס די פאשיסטישע לופט-אטאקעס אויף שטעט און דערפער פאראורזאכען ווערט די צאל פון פרויען, אלטע לייט און קינדער, קרבנות פון די מערדערייען אלץ גרעסער אין צאל און די נויט פארגרעסערט זיך. די פרייהייטליכע ארבייטער און זייערע ארגאניזאציעס טארען זייער הילף ניט אפשטעלען.

די קאמיטע האט איצט ארויסגעשיקט א דרינגענדען אפיל צו אלע יוניאנס, פראגרעסיווע ארגאניזאציעס און יחידים בייצושטייערן אזוי שנעל ווי מעגליך צו דעם פאנד. דער אפיל איז טיילווייז ווי פאלגט:

„אונצעהליגע ציווילע מענער, פרויען און קינדער שטארבען אויס אין שפאניע צוליב מאנגעל אין שפייז, האספיטעלער און מעדיצינישע הילף. זייער נויט ווערט וואס ווייטער אלץ גרעסער. זייער געשריי נאך הילף דרינגט אריין אין אונזערע אויערען. אונזערע שפאנישע ברידער און שוועסטער ווענדען זיך צו אונז נאך הילף מיט אויסגעשטרעקטע הענט. זיי קעמפען א העלדישען קאמף געגען דעם טויטליכען שונא פון די ארבייטער איבעראל, וועלכער איז אריינגעדרונגען אין זייער לאנד צו פארכאפען זי פאר פאשיזם און אונטערדריקונג. מיר האבען זיי ניט פארלאזען אין דער פארגאנגענהייט און טארען זיי איצט ניט פארלאזען אין דער שטונדע פון זייער גרעסטער נויט און קרבנות. זיי קוקען ארויס אויף אונזער הילף. בלויז מיר, זייערע חברים ארבייטער, קענען און דארפען זיי העלפען.

„איר האט זיך ברייטהארציג אפגערופען אויף אונזערע אפילס אין דער פארגאנגענהייט מיר זיינען איבערצייגט, אז איר וועט אנהאלטען אייער שטיצע צום קאמף פון אונזערע שפאנישע ברידער. זייער קאמף איז אונזער קאמף. מיר אפעלירען צו די יוניאן-פירער און מיטגלידער צו העלפען אונז אין דעם קאמפיין. מיר טארען קיין צייט ניט פארלירען”.

(אונטערגעשריבען)

טשארלס ס. זימערמאן, טשערמאן
דוד דובינסקי, טרעזשורער
אלעקס ראוז, סעקרעטער.

---

## פאדערט ארונטערנעמען עמבארגא געגען שפאניע, טעלעגראפירט זשוא צו פרעזידענט דובינסקי

לעאן זשוא, פרעזידענט פון דער אלגעמיינער ארבייטער קאנפעדעראציע פון פראנקרייך און וועלט-בארימטער ארבייטער פירער, האט זיך געווענדעט מיט א קייבעלגראם צו פרעזידענט דוד דובינסקי פון דער אינטערנעשאנאל, צו העלפען דער באוועגונג פאר ארונטערנעמען דעם פארבאט צו פארקויפען וואפען און מלחמה-מאטעריאלען צו דער לאיאליסטישער רעגירונג פון שפאניע, וואס די דעמאקראטישע רעגירונגען, איינגעשלאסען אמעריקא, האלטען אן. די קייבעלגראם איז ווי פאלגט:

„דוד דובינקי,

„וואלט איר זיין אזוי גוט און אויספאדערען אייערע אנגעשלאסענע לאקאלען זיך אנצושליסען און מיטהעלפען ארונטערצונעמען די עמבארגא אויף אמעריקאנער מאטעריאלען פאר שפאניע.

מיט ברידערליכען גרוס,

לעאן זשוא.”

# דער דרייפאכער יובילעי פון פרעסערס יוניאן לאקאל 35

**באגריסונג פון מאריס י. אשביז**

סעקר.-טרעזש. דזשאינט באארד קלאוקמאכערס יוניאן

„מעבדות לחירות" — דאס, אין קורצען, איז די 35 יאריגע היסטאריע פון דער קלאוק, סוט און דרעס פרעסערס יוניאן לאקאל 35.

די היינטיגע פרעסערס קענען קוים א באגריף האבען פון די שקלאפישע באדינגונגען אונטער וועלכע די אמאליגע פרעסערס פלעגען ארבייטען טאג און נאכט. די עלעקטרישע אייזענס האט די יוניאן אויסגעקעמפט ערשט אין 1910. אמאליגע יארען האט מען די פרעס-אייזענס געדארפט הייס-מאכען ארומשטעלענדיג זיי ארום א ברענענדיגען אויוועלע. אזוי ווי די שטונדען זיינען געווען זעהר לאנגע פאר אלעמען, איז אויסגעקומען, אז איידער א פרעסער האט זיך נאך געלייגט שלאפען, האט ער שוין געדארפט אויפשטעהן. ער האט, אין אמאליגען שוויץ-שאפ, געדארפט אריינקומען א שעה אדער צוויי פריהער פאר אלעמען, איינהייצען דאס אויוועלע, זעהן אז די קוילען זאלען זיך גוט צוברענען און דאן ארומשטעלען די פרעס-אייזענס ארום דעם אויוועלע, זיי זאלען הייס ווערען; כדי אז מען ווען מען פלעגט זיך שטעלען ארבייטען 6 דעם זייגער פארטאג, זאלען די אייזענס זיין פארטיג צו קענען אנפאנגען פרעסען.

דער ארבייטס-טאג איז געווען א שרעקליך לאנגער. אין דער היים איז אן ארבייטס-טאג געווען: פון זון-אויפגאנג ביז זון-אונטערגאנג. אין דעם ניו יארקער סוועט שאפ האט מען אויסגענוצט די דערפינדונגען פון קינסטליכע גאז-באלייכטונג כדי צו מאכען די ארבייטער שקלאפען ביז שפעט אין דער נאכט. די שכירות זיינען געווען וויפיל דער באס אדער דער קאנטראקטאר האט געפונען פאר נויטיג צו געבען. זייענדיג עלענד, אין א פרעמדער סביבה, האבען די אמאליגע אימיגראנטען קיין ברירה ניט געהאט און געמוזט זיך אונטערווארפען צו דער שרעקלאכסטער עקספלואטאציע.

דאס הויבען כסדר דעם שווערען פרעס-אייזען פלעגט דעם פרעסער, נאכ'ן לאנגען טאג ארבייט, שרעקליך אויסמאטערן. די הייסע אטמאספערע ארום פרעסינג-טיש, צוזאמען מיט'ן ברענענדיגען אייזען, האט דעם פרעסער געמאכט צו שוויצען מער פון אנדערע. ארויסגעהענדיג א פארשוויצטער פון שאפ, פלעגט ער זיך אפטער צוקיהלען. זיין מידער קערפער האט געקענט געבען א שוואכערען ווידערשטאנד צו די טובערקולאזיס-באצילען. איז דער פרעסער אפטער געפאלען א קרבן פון דער פראלעטארישער קראנקהייט: שווינדזוכט.

אפילו נאכדעם ווי די יוניאן האט, א דאנק דעם געוואונענעם 1910 גענעראל סטרייק, געוואונען א פארקלענערונג פון שטונדען און א ביסעל געהעכערט די שכירות, האט עס דעם דערמאנטען צושטאנד בלויז א ביסעל פארלייכטערט, אבער ווייט ניט אפגעשאפט. אט דער געזונט-צושטאנד פון די פרעסערס האט באוואויגן — דאס פארלוסט פון ארבייטס-פעהיגקייט.

דען דאס גאנצע רייכטום, דער גאנצער אנגעקליבענער קאפיטאל פון ארבייטער באשטייט דאך אין זיין געזונט, אין זיין פאטענציעלער פעהיגקייט צו ארבייטען. פארלירט ער זיין געזונט — פארלירט ער זיין רעזערוו קאפיטאל און זיין ארבייטס-פירמע איז באנקראט. מיט דעם צושטאנד פון ארבייטער'ס לעבען ערקלערט זיך די נויטווענדיגקייט און ערפאלג פון רעליעף-פאנד אינסטיטוציע, צו וועלכער די מיטגלידער פון לאקאל 35 זיינען איבערגעבען מיט'ן פולען הארצען.

דער רעליעף פאנד איז געגרינדעט געווארען מיט 25 יאר צוריק און האט פיל צו פארדאנקען דער איניציאטיווע פון אונזער אומפארגעסליכען ברודער מ. זיגמאן, וועלכער איז דעמאלסט געווען דער פירענדער גייסט פון לאקאל 35.

א. קייזען, וועלכער איז געווען זעקס יאר פינאנס-סעקרעטער פון לאקאל 35, האט מיט זיינע פעהיגקייטען בייגעטראגען אויף א פראקטישען אופן צו דער אויפבילדונג פון רעליעף פאנד, האט אויסגעארבייט זיין פינאנציעלע סטרוקטור און גענומען דעם אינטימסטען אנטייל אין דער הילפס-אקציע פון דער רעליעף קערפערשאפט.

אין יאר 1919 האט ברודער דזש. ברעסלאו איבערגענומען די פירערשאפט פון לאקאל 35 און פון יענער צייט אן גייען די פונקציעס פון רעליעף אונטער זיין אויפזיכט. די אפשאצונג פון זיין בייטראג, ווי פון פילע אקטיווע טוער פון רעליף קאמיטע, וועט געפינען פלאץ אין דעם יובילעאום זשורנאל, וועלכען דער לאקאל גיט ארויס.

לאקאל 35 איז די ערשטע יוניאן אין אונזער אינטערנעשאנעל, וועלכע איז פאראנטווארטליך פאר דער גרינדונג פון „יוניאן העלטה סענטער", געפירט אונטער דער דירעקציע פון אונזער פיל געאכטעטען דאקטאר דזשארדזש פרייס. אבער די דאזיגע אינסטיטוציע, וועלכע, איז איצט שוין פארבונדען, אחוץ מיט לאקאלען פון דער אינטערנעשאנעל, אויך מיט אנדערע יוניאנס אין ניו יארק, איז אן ענין, וועלכער פארדינט ספעציעל באהאנדעלט צו ווערען.

לאקאל 35 פייערט איצט 35 יאר אלס א יוניאן, מיט א רעקארד פון גלענצענדע קאמפען פאר די אינטערעסען פון זיינע מיטגלידער און צו דערזעלבער צייט איז דער רעליעף פאנד זיין שטארקער ארם צו העלפען יעדען מיטגליד אויף א ברידערליכען, אינטימען אופן.

די קלאוק פרעסערס זיינען שטאלץ מיט זייער יוניאן און מיט זייער הילף-אינסטיטוציע, ווייל אזוי לאנג ווי דער יאך פון ארבייט דריקט דעם פרעסער — דעם שווערסטען ארבייטער אין קלאוק טרייד — דעם מאן, פון וועלכען דער גלוט פון אייזען, דער דאמף פון פרעס-מאשין שעפען די כחות, וועט זיך דער פרעסער נויטיגען אין דער אינסטיטוציע פאר געגענזייטיגער הילף אין זיין יוניאן.

זייט געגריסט מיטגלידער פון לאקאל 35 מיט אייער צווייפאכען יום-טוב. זאל אונזער אלעמענס פארדינסטפולע אקטיוויטעט אין דער יוניאן דינען אלס באגייסטערונג פאר אונזער שטענדיגער און ווייטערער טרייהייט צו איר.

אונזער מענעדזשער און סעקרעטער ,ברודער דזש. ברעסלאו, איז א מעמבער פון לאקאל 35 באלד 30 יאר, און ער איז אקטיוו פון אנפאנג אן, אהן אונטערברעכונג. אויף דעם זאגען עדות אלע אלד-טאימערס.

אונזער לאקאל באעהרט אים לכבוד 25 יאר פון זיין דינסט אין זיינע עפענטליכע עמטער.

צו שטיין א פערטעל יארהונדערט אין ליכט פון קהל'שער ארבייט איז געוויס א הויכע געזעלשאפטליכע דערגרייכונג און א גרויסע פערזענליכע באפרידיגונג. איך קען ברודער ברעסלאו זינט ער איז געווארען א מעמבער אין דער יוניאן און האב מיטגעארבייט מיט אים א סך יארען. צו זיין יום טוב, שיק איך אים מיין יישר כח און ווינש אים ערפאלג אין דער צוקונפט.

---

די פירערשאפט פון לאקאל 35, גלייך נאכ'ן געוואונענעם סטרייק פון 1910, אויסצוארבייטען פלענער און מיטלען ווי אזוי די קראנקע פרעסערס צו העלפען. דער לאקאל האט איינגעזען, אז ניט נאר דארף א מיטגליד באשיצט ווערען אין שאפ, נאר אויך אויסער דעם שאפ, ווען ער ווערט קראנק און הילפלאז.

25 יאר נאכאנאנד האט דער לאקאל געלינדערט די שמערצען, פארקלענערט די ליידען און די נויט פון זיינע קראנקע מיטגלידער. טויזענטער זיינען דורך די 25 יאר געהאלפען געווארען. הונדערטער טובערקולאזע מיטגלידער זיינען ווי פון טויט צוריק לעבעדיג געווארען. אויסגעקורירטע האבען זיי געקאנט ווידער פארטזעצען זייערע פליכטען אלס די שפייזער פון זייערע פאמיליעס. די מיטגלידער פון לאקאל 35 מעגען איצט, ווען עס איז געווארען 35 יאר, אז דער לאקאל איז געטשארטערט געווארען, און 25 יאר זינט די אלע בענעפיטס זיינען איינגעפירט געווארען, באמת זיך משמח זיין מיט אלע זייערע דערגרייכונגען; און מיר אלע — צוזאמען מיט זיי.

***

א פאר ווערטער וועגען דעם דריטען יום-טוב — פון דער 25 יאריגער פירערשאפט פון וויס-פרעזידענט יוסף ברעסלאו, מענעדזשער פון לאקאל 35.

איך געדענק זעהר גוט די צייט ווען ברודער ברעסלאו'ס פירערשאפט האט זיך אנגעפאנגען. די לאגע פון די פרעסערס איז יעמאלט געווען א טרויעריגע. די וועכענטליכע שכירות פון די פרעסערס, שוין מיט דער העכערונג פון 1913, זיינען נאך אלץ געווען פארהעלטניסמעסיג קליינע. די פרעסערס זיינען אין די שעפער זעהר ווייניג רעספעקטירט געווארען. די פרעס-טישען פלעגען אוועקגעשטעלט ווערען אין דעם ערגסטען, כמעט פינסטערען, אומסאניטארישען ווינקעל פון שאפ. א גרויסע צאל פרעסערס זיינען יעמאלט געווען געצוואונגען צו מאכען געהיימע אפמאכען מיט די באלעבאטים צו ארבייטען פון שטיק. אזעלכע פרעסערס פלעגען שוין שפעטער מוזען אננעמען אלצדינג וואס די באלעבאטים האבען אויף זיי ארויפגעצוואונגען; ווייל מאכען א קאמפלעינט האט אפט געפירט צו דער אויפדעקונג פון דעם געהיימען אפמאך און אלס רעזולטאט פלעגט דער פרעסער אין גאנצען מוזען פארלאזען דעם שאפ.

מיט ברודער י. ברעסלאו'ס פירערשאפט האט זיך אנגעהויבען א נייע עפאכע אין לאקאל 35. די שכירות פון די פרעסערס זיינען אויפגעהויבען געווארען; זיי זיינען איצט צווישען די בעסטע פארדינער אין אונזער טרייד. די איבלען אין די שעפער זיינען ביסלאכווייז אפגעשאפט געווארען. צו יעדער נייער דערשיינונג אין טרייד האט דער לאקאל גענומען די געהעריגע שטעלונג. די פרעסערס ווערען איבעראל רעספעקטירט און דער לאקאל איז, דורך זיין מענעדזשער, איינער פון די וויכטיגסטע טאן-געבער, סיי אין דזשאינט באארד און סיי אין דער אינטערנעשאנאל בכלל.

דער לאקאל האט, אין די לעצטע יארען, אויסגעארבייט א מעטאדע צו העלפען די ארבייטסלאזע מיטגלידער. הגם מיר קענען ניט זאגען אז דער לאקאל איז אויך ביי אונז געווען דער ערשטער אויף אט-דעם געביט, איז אבער דער נייער אופן ווי דער לאקאל פראקטיצירט עס א זעהר שעהנער, וואס דערפאר קומט דעם לאקאל א שבח און א יישר כוח.

די פרעסערס האבען איינגעפירט, אז די ארבייטסלאזע קריגען א מינימום טעג ארבייט דורך דעם סיזאן. די ארבייטסלאזע פילען, אז דאס וואס זיי קריגען איז ניט צדקה, נאר זיי פארדינען עס — דורך ארבייט. דאס איז א גלענצענדער ביישפיל פון געגענזייטיגער הילף.

די דערגרייכונגען פון לאקאל 35 ווערען איצט נאכגעפאלגט אין א צאל אנדערע לאקאלס. אמת, ניט אלע לאקאלס קענען העלפען זייערע ארבייטסלאזע אויפ'ן זעלבען אופן ווי לאקאל 35; אבער טאקע דערפאר ווערט דער דערמאנטער אויפטו אזוי באוואונדערט און געשעצט.

דער לאקאל האט לעצטענס אויך אנגעפאנגען א רייכע בילדונגס טעטיגקייטען — יעדען יאר אויף א גרעסערען און ברייטערען מאסשטאב. דער לאקאל וויל אויף קיין געביט ניט בלייבען הינטערשטעליג לגבי אנדערע. פאר דעם אלעם מעג דער לאקאל און זיינע פירער באמת שטאלצירען.

עס איז די זכיה פון וויס-פרעזידענט יוסף ברעסלאו, וואס אונטער זיין פירערשאפט זיינען כסדר געשאפען געווארען נייע מעטאדען און נייע מעגליכקייטען צו פארבעסערען די עקאנאמישע און סאציאלע באדינגונגען פון די פרעסערס און אויך אויפהויבען זייער קולטורעלען מצב. דער 25 יאריגער יובילעי פון זיין פירערשאפט אלס מענעדזשער פון לאקאל 35 איז א באמת פארדינטער יובילעי וואס קען בשום אופן ניט אפגעטיילט ווערען פון די אנדערע צוויי יובילעאס פון לאקאל 35.

אין דעם איצטיגען פייערליכען מאמענט פון דרייפאכען יום-טוב פון די קלאוק פרעסערס, זאגען מיר: זייט געגריסט! זאל אייער גוטע ארבייט ווערען פארטגעזעצט מיט גרויסען דערפאלג אין דער צוקונפט!

טרייד אין 1910 זיינען נאך אלע אונזערע שוועריגקייטען אין טרייד ניט געלייזט געווארען. מיר האבען נאך געהאט דורכצוגעהן און דורכצוקעמפען אום אויפצוהאלטען אונזער יוניאן. מיר האבען דורכגעלעבט גענוג ערפאלגען און גענוג נידערלאגעס. אין 1910 האבען מיר געסטרייקס פאר דער עטאבלירונג פון דער יוניאן. אין 1916 האבען מיר געסטרייקט גאנצע 16 וואכען פיקעטענדיג בייטאג און ביינאכט, ענטפערענדיג אויף דעם לאק־אוט פון די באסעס.

מיר זיינען אויך דורכגעגאנגען א ביטערען סטרייק אין 1921. מיר וואלטען געקענט אנצייגען אויף אלע קאמפען וואס מיר האבען דורכגעפירט, ווען די באסעס האבען דירעקט און אומדירעקט אטאקירט די יוניאן אום איר צו פארניכטען. זיי האבען זיך פאר קיין זיך ניט אפגעשטעלט; זיי האבען אפילו אנגעווענדעט דעם מיטעל פון ארגאניזירען די טרויעריג־בארימטע סולקעס סקעב אידזשענסי, דורך וועלכער 6 פון אונזערע יוניאן פירער זיינען געשטאנען אונטער דעם שאטען פון עלעקטריקט טשער.

ווען איך קוק צוריק אויף די אלע שוועריגקייטען וואס מיר האבען געהאט אין אונזער ארגאניזאציע, זעה איך אז פון זינט אונזער געבורט האבען מיר כמעט ניט געהאט קיין איין רוהיגען מאמענט. אונזער יוניאן איז דורכגעגאנגען קאלטס און ווארעמס. מיר האבען געהאט פארשידענע אפערעס אין אונזער יוניאן: די ביזנא אפערע, די הארוויץ אפערע, די רובין אפערע און וואס ניט פאר אן אפערע? א סך פון די אפערעס האבען ניט צוגעגעבען קיין געזונט אונזער יוניאן, אבער אין אלע די פאסירונגען איז גליקליכערווייזע אלעמאל דער לאקאל געווען פאראייניגט, שטארק, און די מעמבערס האבען געטאן אלץ צו העלפען די אלגעמיינע יוניאן. מיר פילען שטאלץ אויף דעם וואס מיר זיינען אלעמאל פאררעכענט געווען אלס א לאיאלע ארגאניזאציע. אחוץ דעם אומגליקליכען צופאל, וואס אין דער פעריאדע פון 1926, ווען כמעט אונזער גאנצע אינטערנעשאנאל איז שיעור ניט פארניכטעט געווארען פון די קאמוניסטען, האבען מיר זיך קיינמאל ניט אפגעטיילט און מיר זיינען אלעמאל געווען א שטארקער טייל פון אונזער אלגעמיינער יוניאן. לאקאל 35, פון דעם מאמענט וואס ער איז געבוירען געווארען ביז איצט, האט אלעמאל אונטערשטיצט די קאנסטרוקטיווע פאליסיס פון דער דזשאינט באארד און פון דער אינטערנעשאנעל.

עס זיינען געווען צייטען, ווען פאר דער וועלט האט זיך אויסגעדוכט, אז די פרעסערס יוניאן איז א קאנסערוואטיווע ארגאניזאציע. אבער אין דער אמת'ן זיינען אונזערע מעמבערס אלעמאל געווען מיליטאנטישע, קאנסטרוקטיווע, און דאס איז געווען איינע פון די אורזאכען וואס ביי אונז אין לאקאל זיינען מיר געווען די ערשטע איינצופירען פארשידענע בענעפיטס פאר אונזערע מעמבערס, אנפאנגענדיג מיט רעליעף פאר די ליידענדע, קראנקען בענעפיט, טובערקולאר בענעפיט, ארבייטסלאזע בענעפיט א. א. וו.

מיר זיינען געווען פון די ערשטע איינצופירען די וואירקינג קארד סיסטעם און אויך אן אנעמפלאימענט ביורא, וועלכע ,דורך דעם טאג־ארבייט סיסטעם, גאראנטירט א מינימאלע מאס באשעפטיגונג פאר די ארבייטסלאזע מעמבערס. אויך זיינען מיר געווען די ערשטע וועלכע האבען עטאבלירט אין אונזער לאקאל אפיס דעם סיסטעם פון אנגעמען קאמפליינטס פון אונזערע מעמבערס דירעקט און זעהן אז אלעס זאל ריכטיג אטענדעט ווערען. מיר זיינען אלעמאל געווען אין פראנט דורך פארשידענע סטרייקס און טראבעל, און מען האט אונז דערפאר אלעמאל גערופען די „פרעסערס פייער בריגאדע”.

די עלטערע מעמבערס פון אונזער יוניאן ווייסען דאס אלעס, און איך בין זיכער אז זיי שעצען דאס אפ. אונזערע אינגערע מעמבערס וואלטען באדארפט גוט דורכשטודירען און זיך גוט באקענען מיט דער געשיכטע פון אונזער לאקאל, ווייל זיי זיינען ניט דורכגעגאנגען פערזענליך די אלע שוועריגקייטען פון בויען די יוניאן. ווען זיי זיינען געקומען אין דער יוניאן, האבען זיי שוין געפונען א סאלידען באזיס און געפונען אלעס פארטיג.

רעדענדיג פון אונזערע עלטערע מעמבערס, וויל איך אויסדריקען מיין טיפסטע דאנקבארקייט און אנערקענונג פאר זייער אקטיווער טעטיגקייט פאר אונזער יוניאן. איך האב מיט זיי זעהר נאענט צוזאמענגעארבייט. די גרעסטע באלוינונג פאר א מענשען איז צו זעהן די לאיאליטעט און איבערגעבענהייט פון זיינע מיט־מענשען און פריינד און די חבר'שאפט וואס זיי צייגען אים ארויס. אין דעם פאל בין איך איינער פון די גליקליכסטע אין דער יוניאן. דורך דער גאנצער פעריאדע פון מיין ארבייט אין דער יוניאן, האבען די מעמבערס ארויסגעצייגט צו מיר אויסערגעווינליך ווארימע, אמת פריינדליכע געפילען. איך בין זיכער אז אלע מיינע פריינד און אקטיווע מעמבערס אין דער יוניאן פילען אז זייער פריינדשאפט איז ניט געווען ארויסגעווארפען. איך, פון מיין זייט, פיל זעהר גליקליך און איך שעץ זעהר אפ זייער פריינדשאפט און איך דאנק זיי פון מיין טיפסטען הארצען.

עס איז נאטירליך, אז עס איז פאר מיר אוממעגליך אויסצורעכענען די נעמען פון אלע מיט וועמען איך בין געקומען אין בארירונג און וועלכע האבען געטאן גוטע ארבייט פאר דער יוניאן. דאס וויניגסטע וואס איך קען טאן איז אויסצודריקען א דאנק צו די פאלגענדע מעמבערס וואס קומט מיר גלייך איצט אין די געדאנקען, וואס אייניגע פון זיי לעבען שוין ניט, נאר די מאיאריטעט איז נאך מיט אונז און רעפרעזענטירען דעם האנאר ראלל פון אונזער יוניאן: — מ. גאלדאווסקי, א. שאוועלסאן, דזש. קימבעראפסקי, מ. זיגמאן, מ. מעניען, מ. קליין, ה. לובינסקי, י. וואסילעווסקי, מ. קאהען, ל. רייף, ב. קאהען, מ. שעכטער, נ. שעכטער, ה. מעדאווער, ה. רובינטשיק, א. גאלדין ,י. ראטהשטיין, מ. פררסאקאף, ס. אנסטענדיג, ד. ריימער, י. האנדעלמאן, פ. לעווין, מ. ברוקמאן, אב. בערגער, ה. בערגער, טש. קאלבאס, דזש. גאלד, מ. מאסקאוויץ, נ. גרושקא, מ. גלאסער, ד. ווייסמאן, ס. מעלאווסקי, א. אונגער, ל. לעווין, פ. גאטליעב, טשח אראנסקי, מ. קאראלינסקי, מ. גאלדשטיין, ה. סלוצקי, מ. קאץ, ז. שולטץ, מ. טעמקין, מ. פרייזען, ד. מאלעס, בלאק, אב. בערקאוויץ, בענדזשאמין בערלאנד, דזש. סיידמאן, ב. צמך, מאקס קאפטעל, ב. יעלין, מ. וועפרינסקי, מארגאלין, מ. גלייזער, פ. לייזער, א. קעסלער, י. פריינד, טש. בארענסטיין, ל. לאזאראוויץ, מ. פישער, ס. העריסאן, דזש. לעוונער, ל. ביגעל, ה. שנאפער, ווינטער, מ. סלאווין, י. האראוויץ, ת. בעלקער, י. זיילער, ב. וויזער, טייכמאן, מ. פיליפס, וויקטאר, מ. קופערמאן, ב. פינקעלשטיין, מ. גאטהעלף, מ. גאמבערג, מ. יאגאדניק, ב. דזשייקאבס, ס. מייאסא, ד. באטאן, מ. ראזענפעלד, ל. לאנגער, לאנקעוויטש, דזש. באיקין, ס. אבראמאוויטש, ה. בערנסטיין, ל. קאהען, א. פאסטער, ה. קאמעלהער, א. לעווינטאן, מ. פאטראק, וו. ראזענבערג, ב. זאמלאן, ב. טרילינג, ג. ווילק, מ. קודלער, ד. באראן, ב. ביגעלאייזען, דזש. גוס, ת. דיסקאונט, ת. דובאוו, י. ערליך, י. פינקעלשטיין, וו. גערשטיין, ס. גיטליס, ס. האלענדער, דזש. קאץ, מ. מארקוס, דזש. מארגענסטיין, דזש. נאגער, א. אווניטצקי, ת. ראנעס, ד. ראזענטאל, א. רודין, א. זאסלאוו, ה. שלאקמאן, מ. סילווערמאן, א. סטיין, ס. זאווליק, דזש. מאנסי, ר. בליטשטיין, ס. אייזענבערג, ל. הערצבערג, ל. קריידען, ס. שאצמאן, ב. גארין, ס. קאופמאן, מ. מעלצער, ב. ראטהשטיין, וו. קלאקעל, וו. קריקאלא.

איך וויל אויך אויסדריקען מיין טיפסטע אנערקענונג און דאנק און מיין רעספעקט פאר דער גוטער ארבייט פון אלע אונזערע אפיסערס פון אונזער לאקאל, סיי ביזנעס אידזשענטס, אדזשאסטערס א. א. וו., צו אונזער עקזעקוטיוו באארד, רעליעף קאמיטע און צו אונזער גאנצען אפיס סטעף אין דער יוניאן, מיט וועמען איך האב צוזאמען געארבייט פאר אזוי פיל לאנגע יארען. און א ספעציעלען דאנק צו אונזער אפיס מענעדזשער מאריס קאולער, וואס ער אליין ארבייט שוין אין אונזער יוניאן פאר 21 יאר, און וואס איך געדענק אים נאך ווען ער איז אריינגעקומען מיט ני־פענטס אין אונזער יוניאן, פאר זיינע גוטע און לאיאלע דינסטען און איבערגעבענהייט פאר די גאנצע יארען צו לאקאל 35 און צו מיר פערזענליך פאר די גאנצע צייט וואס מיר זיינען דורכגעגאנגען, סיי שלעכטע און סיי גוטע.

מיר פייערן דעם יובילעאום מיט שטאלץ פאר אונזערע אויפטואונגען. עס איז פאר מיר א ספעציעלע צופרידענהייט צו וויסען אז דער פרעסער, וואס ער איז געווען דער דערשלאגענסטער און דער דערנידעריגסטער אין טרייד, סיי פינאנציעל און סיי גייסטיג, און וואס איז אמאל פאררעכענט געווארען אלס א בראדיאגע אין טרייד, איז איצט דער בעסט־באצאהלטער ארבייטער אין טרייד וואס אנבאלאנגט פינאנציעל, און ער שטעהט גייסטיג אמווייניגסטענס אזוי הויך, אויב ניט העכער, ווי די איבעריגע קלאוקמאכער אין טרייד.

איך באגריס אלע פרעסערס פון לאקאל 35! איך באגריס אויך אונזער רעליעף קאמיטע! אונזער מעמבערשיפ האט זיך ערווארבען זעהר א סך. מיר האבען, ווי א דיסציפלינירטע ארמיי, געמארשירט אימערצו פאווערטס. מיר האבען דורכגעמאכט צייטווייליגע ענטוישונגען און נידערלאגעס. אבער אין אלגעמיין גערעדט האבען מיר מארשירט פאראויס צו אונזער ציל, ווייל מיר האבען אלעמאל געוואוסט וואס מיר ווילען. ווען מיר כאפען א בליק צוריק, זעהען מיר ערשט ווי רייך און אינטערעסאנט און קאלירטייך איז אונזער היסטאריע. איך בין איבערצייגט, אז מיר וועלען געהן פאראווערטס אויף אונזער וועג אין די קומענדע יארען. איך בין זיכער אז אונזער געפיל פון פריינדשאפט, אונזער ברידערליכקייט, אונזערע טראדיציעס פון פראגרעס וועלען אלע פארגעזעצט ווערען פאר לאנגע יארען. לאמיר מאכען אן אמת'ען יום טוב פון דעם יובילעאום. לאמיר פארזעצען צו בויען א שטארקע און קאנסטרוקטיווע יוניאן.

לאנג לעבען זאל די קלאוק פרעסערס יוניאן, לאקאל 35!

לאנג לעבען זאל די אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט װאירקערס יוניאן!

# רעליעף

(צו דעם 35־יאריגען יובילעאום פון לאק. 35 א.ל.ג.וו.י.)

**פון מ. סלאווין.**

ונטער דעם נאמען רעליעף ווערט פארשטאנען אין לאקאל 35 די אינסטיטוציע וועלכע פארנעמט זיך מיט געבען צו יוניאן מיטגלידער יעדע מעגליכע הילף אין צייט פון קראנקהייט און נויט.

די דאזיגע אינסטיטוציע פייערט איצטער 25 יאר פון איר וויכטיגער און נאבעלער טעטיגקייט.

לאקאל 35 איז די ערשטע יוניאן אין דער אינטערנעשאנעל, וועלכע האט געגרינדעט דעם צווייג פון ברידערליכע הילף און געפלאסטערט דעם וועג, אויף וועלכען אנדערע לאקאלען האבן נאכגעפאלגט צו שאפען נויטיגע בענעפיטס פאר זייערע מיטגלידער.

פינף און צוואנציג יאר רעליעף טעטיגקייט אין לאקאל 35 איז א געשיכטליכע פעריאדע, רייך מיט באלערענדע און אינטערעסאנטע פאסירונגען. אט די לאנגיאריגע ערפארונג פון דער טעטיגקייט האט ניט געמינערט אונזער איבערצייגונג אז אין אונזערע יוניאנס, וועלכע זיינען ארגאניזירט פאר דעם עקאנאמישען קאמף, דינט די רעליעף פונקציע א וויכטיגע מיסיע, גלייך ווי דער אמבולאנס וואגען, וועלכער פאלגט נאך א קעמפענדע ארמיי.

**א כאראקטעריסטישע פאסירונג.**

מיט א צענדליג יאר ערפארונג, דינענדיג אין דער רעליעף קאמיטע, זיינען מיר, אירע מיטגלידער, געווען געוואוינט צו סצענעס פון קראנקהייט און נויט. מיר האבען געטאן אונזער פליכט, פארהאנדלענדיג די רעליעף אנגעלעגענהייטען אויף א רוטינעם אופן. אונזערע נערווען זיינען געווען פארהארטעוועט, ווייל, נאך אלעמען, קען דאך א קהל'שע אינסטיטוציע אין אירע האנדלונגען ניט זיין צו סענטימענטאל, און מוז זיך פירען אין די גרעניצען פון אירע מאטעריעלע מיטלען און אנגענומענע געזעצען.

זיצען מיר אזוי ביי א מיטינג, אויסהערענדיג פארלאנגען פון קראנקע און נויטבאדערפטיגע.

ערשיינט פאר אונז א ריזיגער מאן, באגלייט פון זיין פרוי. ס'איז געווען צו דערקענען, אז די פאר־פאלק זיינען פון פוילישער נאציאנאליטעט. אין דער געזונטער פארב פון זייערע ביידענס פנימער האט זיך נאך אפגעשפיגעלט די גרינגע כחות, די ירושה פון געזונטען דארפסלעבען פון זייער אלטער היים.

„וואס פארלאנגט איר?” האט אים געפרעגט דער פארזיצער אביסעל נייגעריג און פארוואונדערט.

פאר א מינוט האט דער מאן געשוויגען.

„ר—ראביץ ניע מאגו...” האט ער קוים מיט מאטערניש אין א פארשטיקטען קרעכץ אויסגעשטאמעלט, טרייסלענדיג מיט פאראליזירטע הענט, און ווייזענדיג האט זיך זיין ריזיגער גוף קאנוואולסיוו געווארפען פון אינערליכער אויפרעגונג און פארשעמט וואס ער, אזא ריעז, קען ניט ארבייטען און איז הילפלאז ווי א קינד.

דאס בילד האט אונז אלעמען גערירט ביז טרערען, ווייל אט די אמת'ע לעבענס־בילד האט אמשטארקסטען אויסגעדריקט דאס טראגישסטע אין ארבייטער'ס לעבען

וויסען אז ביי זיי איז די לאגע ניט בעסער ווי ביי אים. און ווידער אמאל די זעלבע מעשה: — מיר האבען אריינגעשלעפט די יונגע, זיי אויסגעלערענט פרעסען, און איצט מעגען מיר שוין גיין שלאפען.

האט זיך בערגער מישב געווען, זיך א נעם געטאן צו דער ארבייט פונקט ווי אמאל אין די פריערדיגע יארען. ער האט זיך געטראכט: „וואס עס וועט זיין, וועט זיין... ער האט זיך מיט זיינע לעצטע כוחות פארמאסטען מיט זיין יונגען בחור מארטין. ער האט קיין איין סעקונדע ניט פארלארען אויף קיין אנדערע זאכען, אויסער פרעסען. האט מען געלאכט, האט מען געשטיפט — אים איז קיין זאך ניט אנגעגאנגען. זיין איינציגער וואונש איז ביי אים געווען — אויספרעסען א קליידעל פונקט אזוי שנעל ווי מארטין. און ווידער אמאל האט ער זיך געטראכט: „וואס עס וועט זיין, וועט זיין!"

מארטין איז געשטאנען א פארגאפטער: — זעה נאר ווי דער אלטער שיסט! ער האט שוין מעהר ניט גערעדט וועגען ווערען אויס שותף. ער האט זיך געטראכט, אז עס זעט אויס, אז דער טאטע קען נאך מאכען א גוטען טאג ארבייט, אז ער וויל נאר...

דער באס איז צוגעקומען צום פרעס־טיש און געבליבען שטיין א דערשטוינטער, ווען ער האט דערזען ווי בערגער שאקעלט זיך, ווארפט זיך הין און צוריק, הין און צוריק, ווי אן אומרו פון א זייגער. ער האט אפילו שווער געסאפעט: אבער וועמען ארט דאס?

— דו זעסט שוין, בערגער! אז מען באשליסט אז מען איז נישט אלט, ארבייט מען ווי א יונגער. — האט דער באלעבאס זיך געוויצעלט, און געוואונקען מיט איין אויג צו מארטינען. דאס איז געווען אן אנצוהערעניש אז ער, מארטין, דארף זיך א שאקעל טאן, ניט לאזען אז דער טאטע זאל אים אניאגען.

אט אזוי איז זיך אלץ געגאנגען גלאטיג פיר טעג נאכאנאנד.

❖

בערגער איז אהיים געקומען א מידער, א צובראכענער. ער האט געהאט אזא געפיל, אז אט, אט צעפאלט זיך זיין ביינטעל ביינער. אבער ער האט זיך גאר ניט באקלאגט. די פרוי זיינע האט אים טיף אריינגעקוקט אין זיינע אויגען און זי האט זיך דערשראקען. נישטא יענער גלאנץ מער. די אויגען זיינע זיינען נעפעלדיג, כמעט האלב־צוגעמאכט, ווי ביי א נאכט־וואנדלער. זי האט געקראגען רחמנות אויף אים און אים מוטערליך געפרעגט:

— סעם, דו שטרענגסט זיך צופיל אן, ניט אזוי?

— בערגער האט געשוויגען. ער האט זיך פאמעלעך אויפגעהויבען פון בענקעל ווי איינער וואס טראגט א שווערען זאק אויף די פלייצעס, און באלד האט ער זיך ווי א שכור אריינגעהוידעט אין זיין שלאף־צימער.

❖

פונקט פרייטאג, ווען דער באלעבאס איז ארומגעלאפען א פארשמייעטער, געבייזערט זיך אויף די ארבייטער אז מען זאל אויפהערען זינגען, אז מען זאל אויפהערען רעדען, ווייל ס'איז ערב שבת און ער מוז שיקען א גרויסען שיפמענט. איז פלוצים געווארען א געוואלד, א געפילדער... בערגער האט גע'חלשט...

מארטין איז געשטאנען א בלייכער און צוגעקוקט ווי מען שפריצט קאלטע וואסער אויף זיין טאטענס פנים, און איין ארבייטער צעקראצט אים און א צווייטער דרייט אים די נאז. ער האט געפילט, ווי אט, אט צעוויינט ער זיך. איבערין שאפ האבען זיך געטראגען געשרייען: — לייגט אים מיט'ן קאפ ארונטער! אט אזוי!

דער באלעבאס, א צושראקענער, איז געלאפען אין אפיס אריין רופען אן אמבולאנס, און בשעת מעשה געהארטשעט אין זיך: מיין מזל, מיין מזל... באלד איז ער צוריקגעקומען פון אפיס און צעשריען זיך אויף דעם רעדעל ארבייטער וואס האבען ארומגערינגעלט בערגער'ן, אז זיי פארשטעלען די לופט. ער האט געפילט ווי זאגען זיי, אז ער אליין וועט שוין אלץ באזארגען און זיי מעגען זיך וועצען ארבייטען. אבער עס איז אים געווען עפעס פריקרע אזוי צו רעדען אצינד...

בשעת דער דאקטאר האט זיך געפארעט ארום בערגער'ן, זיך צוגעהערט צום הארץ מיט זיין טרובקע און זיך פארקרימט, האט דער באלעבאס א זאג געטאן:

— איך זאג אלעמאל, אז עלטערע מענשען דארפען ניטארבייטען מער. אט זעט, צי בין איך ניט גערעכט! עלטערע מענשען מוזען זיך געבען אפשטרענגען.

בערגער האט קרענקליך אנגעהויבען באוועגען א בלייכע האנט. דאס האט ער אפנים געגעבען א צייכען, אז דער באלעבאס זאל אויפהערען דרשנ'ען. די ארבייטער האבען זיך אויך דורכגעשמועסט מיט זייערע בליקען און מיט די קעפ אנגעוויזען אין דער ריכטונג פון דעם באלעבאס, ווי זיי וואלטען זאגען: „וואס בעט ער דארטען?"

דער דאקטאר האט באפוילען, אז בערגער מוז ליגען אין בעט כאטש א חודש צייט, דערנאך וועט מען שוין זען...

איז בערגער געלעגען אין בעט. די פרוי זיינע איז געזעסען לעבען אים און זיך געבעטען ביי אים:

— דו נאר איינער, הער שוין אויף וויינען! וואס ביסטו, א קינד?

און בערגער האט געכליפעט און גערעדט:

— א פערטעל יארהונדערט געפרעסט און געפרעסט... וואס האב איך פון דעם? כ'בין דאך געווארען אן איבעריגער מענש.

די פרוי האט אים געטרייסט:

— ניט געזארגט, דו ווער נאר געזונט! אונזער מארטין איז א גוט קינד און ער וועט ארויסהעלפען, וועסט זען.

בערגער האט שווער אפגעזיפצט. ער האט צוגעקלעמט זיינע אויגען־דעקלאך און געזען ווי מארטין יאגט זיך אן אויפהער לעבען דעם פרעס־טיש, ער הייבט אויף נאך א קליידעל און נאך א קליידעל... אט פונקט אזוי האט ער, דער טאטע זיינער, אנגעהויבען, — טראכט זיך בערגער, און מאדנע געדאנקען האבען זיך אנגעהויבען פלאנטערען אין זיין מוח: „נישט קיין לאויער און נישט קיין דאקטאר און ניט קיין טיטשער, נאר א פרעסער גלייך מיט אים"... ער האט געשעפטשעט שטיל אין זיך: „זאל כאטש מארטין ניט האבען זיין סוף... און טרערען האבען אים אנגעהויבען שטיקען אין האלז. ער האט געפילט, אז אט, אט ווערט ער דערווארגען...

# באיקאט אין די דעמאקראטישע לענדער

פון דר. ראבערט ס. מארקוס.



יר די פראפאגאנדירער אין אמעריקא פון באיקאט אויף דייטשע סחורות קאנען שטאלצירען מיט דעם וואס אין די פאראייניגטע שטאטען איז אונז געלונגען צו פארטרייבען אין א גרויסער מאס דייטשע סחורות פונ'ם האנדעלס־מארק, אבער גלייכצייטיג דריקט אונז ענטוישונג ווען מיר זעהען אז אין אייראפע איז דער באיקאט לגמרי נישט עפעקטיוו. עס ווייזט זיך ארויס אז די אייראפייאישע דעמאקראטיעס זיינען דערגאנגען אזוי ווייט מיט זייער חניפה צום היטלער רעזשים אז זיי העלפען א סך מעהר ווי די האלב און גאנץ פאשיסטישע מדינות, היטלער'ס קאמערץ פאליטיק.

יאפאן, איטאליע און דייטשלאנד זיינען פאראייניגט אין א דרייבונד און פונדעסטוועגען איז דער האנדעל צווישען זיי גאר א קליינער. איטאליע האט געקויפט פאראיאהרען בלויז 5.4 פראצענט פון די דייטשע עקספארט סחורות און יאפאן האט געקויפט בלויז 2.2 פראצענט פון די דייטשע עקספארט סחורות. טראץ זייער חבר'ן זיך ווילען די דריי פאשיסטישע מלוכות נישט שטארקען איינער דעם אנדערענס עקאנאמישע פאזיציעס, אבער די דעמאקראטישע מדינות האבען ניט אזא אויסרעכענונג. עס וועט אמאל פארשריבען ווערען צום שאנד און שפאט פון די טרעגער פון דעמאקראטיע אין אייראפע, אז זיי האבען אויף גאלדענע טעלערלאך היטלער'ן אונטערגעטראגען אויסלענדישע וואליוטא און האבען ביי איהם אפגעקויפט מעהר ווי 50 פראצענט פון אלע זיינע עקספארט סחורות. וואס באדייט עס? עס מיינט אז פון איין זייט האבען זיי היטלער'ן געגעבען א געלעגענהייט אפצוזעצען ארטיקלען פון דעם איבער־אינדוסטריאליזירטען דייטשלאנד, געגעבען די נאציס א געלעגענהייט אריינצובאקומען פון אויסלאנד רוי־מאטעריאלען און תבואות, פון דער אנדערער זייט האבען זיי איהם צוגעשטעלט וואליוטא מיט וועלכער ער קויפט איין מלחמה מאטעריאלען און גרייט צו דאס אויפרייס שטאף פאר דער קומענדיגער וועלט־מלחמה.

נאך מעהר: דער כישוף־קרייז האט זיי אינגאנצען פארשלעפערט און זיי באמערקען נישט אז געבענדיג היטלער'ן וואליוטע אויף אנצופירען מיט באוואפנונג אויף א ריזיגען מאסשטאב, האבען זיי זיך אליין אויך אריינגעצוואונגען אין באוואפנונג־געיעג. זיי זיינען געצוואונגען זיך צו באוואפנען צוגלייך מיט היטלער'ן, און אזוי ווי אמוניציע קאסט געלט, מוזען זיי ארויפלייגען שטייערען אויף זייערע בירגער, אלץ העכערע שטייערען און דאס שאפט קריזיס אין לאנד. דאס מיינט אז מיט זייער חניפה צו היטלער'ן העלפען די דעמאקראטיעס נישט בלויז אונטערצוגראבען זייער אייגענעם פרעסטיזש, זייער אייגענע מאראל, נאר זיי מינעווען אויך אונטער זייער יעדען עקאנאמישען אנהאלט.

עס איז די העכסטע צייט אז די אייראפעאישע מדינות וואס שיקען זייערע פארשטייער אהער צו מאביליזירען אונזער עפענטליכע מיינונג פאר זייערטוועגען, זאלען ארויסווייזען אז זיי פארטרעטען אידעאלען און ניט בלויז דעם פרימיטיווען פחד אינסטינקט. עס איז שוין צייט אז די ליבעראלע מאסען אין די אייראפעאישע דעמאקראטישע מדינות זאלען נאכטאן דעם ביישפיל פון די אמעריקאנער בירגער און באיקאטירען נאצי סחורות. דער באיקאט סענטימענט איז א סך מער פארווארצעלט אין די פאראייניגטע שטאטען ווי מען קאן מיינען. דער אמעריקאנער מאסע־מענש באיקאטירט נאצי סחורות. א דאנק זיין בארעכטיגטען ווידערגעפיל צו אלץ וואס קומט פון נאצי דייטשלאנד איז דייטשלאנד'ס האנדעל מיט די פאראייניגטע שטאטען ווייט ניט דאס וואס די נאציס וואלטען זיך געוואונשען.

5.5 פראצענט פון אלע אויסלענדישע סחורות וואס זיינען אריינגעקומען קיין אמעריקע אין 1932, דער יאר איידער היטלער'ס קומען צו דער מאכט, זיינען געווען דייטשע. יענער יאר איז געווען א קריזיס יאר. איצט, אין די לעצטע עטליכע יאר, האבען אלע לענדער פארגרעסערט זייער האנדעל מיט אמעריקע. אבער איצט זיינען בלויז 2.9 פראצענט פון אלע סחורות וואס קומען אריין פון אויסלאנד קיין אמעריקע דייטשע. אין פארגלייך מיט די קריזיס יארען און צוליב אירע „דאמפינג" מעטאדען און איר אוועקגעבען סחורות האלב אומזיסט, האט נאצי דייטשלאנד אויך אביסעל געוואקסען פון דעם פארגרעסערטען האנדעל. אבער דער אלגעמיינער פראצענט פון האנדעל מיט דייטשלאנד אין פארגלייך מיט דעם האנדעל פון אנדערע לענדער, איז קלענער געווארען זייט היטלער איז געקומען צו דער מאכט.

די שווערע אינדוסטריע אימפארטירט נאך אלץ פאר ריזיגע געלט סומען נאצי סחורות. אבער אנדערש איז מיט יענע דייטשע ארטיקלען וואס מוזען גיין אויפ'ן אלגעמיינעם מארק. אין 1932 האט דייטשלאנד פארקויפט שפילצייג פאר 1,218,844 דאלער צו די פאראייניגטע שטאטען, אבער אין יאר 1937 האט דייטשלאנד פארקויפט ניט מער ווי 483,545 דאלער, דאס מיינט מיט גאנצע 60 פראצענט ווייניגער. דייטשלאנד האט פארקויפט מיט 80 פראצענט ווייניגער הענטשקעס אין יאר 1937, ווען מען פארגלייכט די ציפער מיט'ן יאר 1932. קיין איינציק שטיקעל „פיטש" פוטער פון דייטשלאנד איז ניט פארקויפט געווארען אין אמעריקע אין יאר 1937, אין דער צייט וואס אין יאר 1932 האט דייטשלאנד פארקויפט גאנצע 448,284 פוטער שטיק.

אט דאס איז די לאגע אין אמעריקע. די באיקאט פראפאגאנדע ווערט נאך מער אינטענסיפיצירט און מיר דערווארטען מיט רעכט נייע מפלות פאר היטלער'ן אויפ'ן געביט פון האנדעל מיט אמעריקע. און אין אייראפע, כאטש די רעגירונגען טוען זעהר א סך צו העלפען היטלער'ן איינשטעלען א זיכערע עקאנאמיע, געליגט עס זיי ניט. דער פרייז פון דייטשע סחורות איז געשטיגען מיט 15 פראצענט זייט אנפאנג 1937, טראץ דעם וואס די ארבייטער אין נאצי דייטשלאנד ארבייטען פאר א שקלאפען לוין און שקלאפען־שטונדען.

און אזוי ווי די סחורות קאסטען שוין ממילא טייער, ווילען די מדינות אין דרום־מזרח אייראפא און אין זיד־אמעריקע שוין מער ניט איינגעהן אויף אויסטויש־אפמאכען מיט נאצי דייטשלאנד. לויט יענע אויסטויש־אפמאכען פלעגט היטלער פארפליצען אגראר־לענדער וואס האבען בלאטיגע וועגען מיט מאדערנע אויטאמאבילען וואס קאנען בלויז באנוצט ווערען אויף געפלאסטערטע שאסייען. נאצי דייטשלאנד פלעגט דערפאר פון יענע לענדער ארויסבאקומען תבואות און רוי מאטעריאלען.

און אויב עס זאל נאך געשאפען ווערען א געפלאנטע פארשטענדניש צווישען ענגלאנד און פראנקרייך וועגען האנדעל מיט זיד און צענטראל אייראפעאישע לענדער, וועלען אט די צוויי מדינות האבען אויפגעטאן זייער א גרויסע זאך — זיי וועלען רואינירען איינע פון דייטשלאנד'ס גרעסטע עקספארט מערק.

איך וויל בלויז פארענדיגן מיט א דעפעשע פון

# קאָנקורענטען

ברוך מילער

(ערצעהלונג)



ערגער האָט נאָך ניט געהאַט קיין באַשטימטע פּראָפעסיע פאַר זיין זון מאַרטין. ער האָט זיך געטראַכט: „וואָס איז די איילעניש? דערווייל איז נאָך מאַרטין אַ יונגער צוציק, ער גייט נאָך אין האַי־סקול, לוינט זיך ניט אים צו ברעכען זיך דעם קאָפּ פאַר עטליכע יאָר שפּעטער.

דאָך, האָט פּאַסירט, אַז אונטער געוויסע אומשטענדען האָט בערגער ביי זיך אין געדאַנק באַשטימט אַ פּראָפעסיע פאַר מאַרטינען. דאָס איז געווען איינמאָל ווען זיינער אַ באַלעבאָס האָט באַנקראָטירט און אים געבליבען שולדיג שכירות פאַר עטליכע וואָכען אַרבייט, און ער איז אַרומגעלאָפען אַ צעטומעלטער, ניט געוואוסט וואוהין צו ווענדען זיך. האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיין פרוי:

— דו הערסט, בעסי? די בעסטע פּראָפעסיע פאַר אונזער בחור וואָלט געווען אַ לאָיער.

— וואָס עפּעס אַ לאָיער? — האָט זיך די מוטער געקרימט.

— ווייל מיר לעבען אין אַ וועלט פון לויטער שווינדעל...

בעסי האָט אָבער געוואָלט אַז מאַרטין זאָל זיין אַ טיטשער. ער וועט אַרבייטען פאַר דער רעגירונג, וועט ער זיין געזיכערט מיט פּרנסה... זי האָט אויך געטראַכט, אַז מאַרטין וועט דאַן האָבען מער געדולד צו לערנען איר לייענען און שרייבען ענגליש. זי שעמט זיך ביי די יאָרען צו גיין אין סקול אַריין...

אין אַ צייט אַרום האָט פּאַסירט, אַז בערגער האָט אָנגעהויבען אונטערקרענקען. ער איז געלאָפען פון איין דאָקטאָר צום צווייטען, איינער האָט געזאָגט אַז ער ליידט אויף אַ הויכען בלוט־דרוק, אַ צווייטער האָט גאָר געזאָגט, אַז דאָס האַרץ איז ביי אים צופיל אָנגעשטרענגט. ער דאַרף האָבען אַ סך רו... האָט בערגער דאַן געטראַכט: „ווי גוט עס וואָלט געווען צו האָבען אַן אייגענעם דאָקטאָר. איצט, ווען די עלטער רוקט זיך אָן... ער האָט געקוקט אין שפּיגעל, באַטראַכט די שוואַרצע פלעקען אין די ווינקלען פון זיינע אויגען און יאָוש־דיג האָט ער אָנגעהויבען בלעטערן אין זיינע מחשבות:

„ווי לאַנג איז דאָס גאָר אַז ער איז אַריינגעקומען אין אַ שאַפּ אַריין און געטראָפען אויף דעם פּרעס־טיש אַ באַרג מיט קליידלאַך, און דער באָס האָט אים געזאָגט מיט דעם האַרבען וואָרט, אַז אַלץ מוז היינט אויסגעפּרעסט ווערען, און ער איז ניט געגאַנגען אַהיים ביז דער טיש איז געווען אָפּגעליידיגט.... דער באָס האָט אים דאַן געקלאַפּט אין פּלייצע: בראַוואָ בערגער! האָסט היינט גאַנץ היבש אַריינגעכאַפּט. קיין ביסעל האָבער ניט געלאָזט פאַר מאָרגען. אָבער ניט געזאָרגט! די קאָרעטעס ביי די אָפּערייטאָרס זיינען פול. גיי שלאָף זיך אויס!...

בערגער'ן האָט געקרענקט דאָס לשון, מיט וועלכען דער באַלעבאָס האָט זיך באַנוצט, אָבער ער האָט געוואוסט, אַז די פירמע איז מיט אים צופרידען, ניט ווי היינט...

באַלד האָט ער זיך אָנגעהויבען פאַרענטפערען פאַר זיך אַליין: „נאָך אַלעמען, שטופּט ער שוין דעם אייזען אַ פערטעל יאָרהונדערט.... ער האָט אָנגעהויבען פּרעסען נאָך דאַן ווען אין די שעפּער איז געווען גען־אייזענס. ער האָט זיך געשטעלט אַרבייטען פאַר זון־אויפגאַנג, און אַהיים געגאַנגען איז ער העט טיף אין דער נאַכט... מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענש...

בערגער ווייסט אַיין זאַך, אַז היינט קומט אים אָן ווייער שווער צו מאַכען אַ טאָג אַרבייט. סאַר דעם באָר־לעבאָס זאָגט ער אַ תירוץ, אַז די היינטיגע סטיילס זיי־נען שווערע. צומאָל מאַכט ער זיך האַרץ און זאָגט אים, אַז ער קען זיך נאָך היינט פאַרהוטען מיט יעדען פּרעס־סער אין טרייד... „נו וואָס דען, זאָל ער אײַנגאַנצען שווייגען ווען דער באַלעבאָס זאָגט אים אַז ער דאַרף זיך שוין זוכען אַ מושב־זקנים? וואָלט גאָר דער שאָפּ געווען אָרגאַניזירט, וואָלט ער אים גוט אַריינגעזאָגט...

⁂

מאַרטין האָט געענדיגט האַי־סקול און די מוטער האָט אָנגעקוואָלען וואָס ער איז אויסגעוואַקסען אַביסעל העכער פון זיין טאַטען; וואָס די שטימע זיינע איז שוין מער ניט קיין קינדערשע. אירע אויגען האָבען געגלאַנצט מיט פרייד, בעת מאַרטין האָט אָנגעהויבען פּעסט שטאַ־נען איבערן הויז, אַז דער דיל האָט אַזש געציטערט אונטער זיינע פיס. זי האָט געשטראָפט בערגער'ן וואָס ער איז אָנגעכמורעט און צעיוירען, פּונקט איצט ווען ער דאַרף זיין פריילאַך און אויפגעלייגט...

— ווי עס זעט אויס, איז אַ טאַטע ניט קיין מאַמע...

— האָט זי אים אַריינגעזאָגט.

— ווען דיר קומט אויס צו שלעפּען דעם וואָגען איינער אַליין, וואָלסטו אויך ניט געווען אַזוי פריילאַך... דאָס האָט בערגער געגעבען אָנצוהערעניש וועגען עול פּרנסה.

— ווילסטו מאַרטינען אפשר אויך מאַכער פאַר אַ פּרעסער? — האָט די פרוי מיט אַ ציטער אין איר קול געפרעגט.

בערגער האָט זיך געהאַלטען אין איין פאַרענטפערען פאַר זיין פרוי, אַז ער האָט גאָר ניט געמיינט, פאַרקערט, ער אַליין וויל אויך אַז מאַרטין זאָל לערנען. נאָר זי מעג וויסען אַז ער איז שוין ניט קיין יונגער־מאַנטשיק... אַז ער זאָל גיין טאַנצען....

זיי האָבען אַזוי לאַנג פאַרצויגען דעם געשפּרעך צווישען זיך, ביז מאַרטין האָט דאָס דערהערט. האָט ער גלייך, אָן צערעמאָניעס, געלאָזט וויסען אַז ער קלייבט זיך צו גיין אין אַ שאַפּ זיך אויסלערנען אַ מלאכה. ער וועט ניט זיין, הייסט דאָס, ניט קיין לאָיער און ניט קיין טיטשער און ניט קיין דאָקטאָר. אַזוי האָט ער באַשלאָסען.

— וואָס רעדסטו, מאַרטין?! — האָט די מוטער קוים אויסגעשטאַמעלט.

בערגער האָט זיך געטראַכט, אַז עס וואָלט ניט געווען קיין קרומע זאַך, ווען עמיצער זאָל אים העלפען טראָגען דעם יאָך פון פּרנסה... אָבער ניט אויף אַזאַ אופן. האָט ער זיך אַריינגעמישט און געזאָגט:

— זון מיינער, ס'איז גענוג אַז דער טאַטע דיינער איז אַ פּרעסער. די באַלעבאַטים אונזערע זיינען גראָבע יונגען... ס'איז ניט פאַר דיר. כ'לעבן, ס'איז ניט פאַר דיר.

די מוטער האָט צוגעשאָקעלט מיט איר קאָפּ: „דער טאַטע איז גערעכט".

מאַרטין האָט זיי אָבער געגעבען צו פאַרשטיין, אַז ער האָט שוין געכאַפּט אַ שמועס מיט עטליכע בחורים, וועלכע האָבען שוין אויסגעשטודירט און זיי טוט באַנג, זיי האָבען אים אַליין געזאָגט. דערנאָך האָט ער זיי אָנגעהויבען סטראַשען מיט גרויסע ציפערען וואָס דער קאָלעדזש פאָדערט: וואו וועלען זיי דאָס נעמען? ער האָט אויך אַריינגעשושקעט דער מוטער אין אויער אַריין, אַז ער האָט שוין אַ מיידעל און ער קאָן ניט אַרומגיין מיט קיין ליידיגע קעשענעס.

און אַזוי אַרום האָט זיך מאַרטין צוגעזעצט צום פאָטער, אַז ער זאָל אים אַרויפנעמען צו זיך אין שאָפּ אַריין און אים אויסלערנען זיין אַ פּרעסער. ער האָט געזאָגט מיט'ן האַרבען וואָרט, אַז אין קאָלעדזש וועט ער ניט גיין... ער וויל ניט פטר'ן קיין צייט אומזיסט...

בערגער און זיין פרוי האָבען געהאַט עטליכע באַראַטונגען וועגען דעם, ביז זיי האָבען איינגעשטימט אַז מאַרטין זאָל ווערען אַ שאָפּ אַרבייטער. טאַטע־מאַמע האָבען זיך געטרייסט מיט דעם וואָס מאַרטין איז אַ וואוילער בחור, וועלען זיי ביי אים פועלן אַז ער זאָל פאָרזעצען זיין לערנען אין די אָווענטען...

די מוטער האָט זיך אַביסעל געקנייטשט: — עס וועט נעבאַך זיין צו שווער פאַר'ן קינד — האָט זי גע־טענה'ט. נאָך אַ שווערען טאָג אַרבייט זאָל ער ערשט דאַרפען גיין לערנען...

ווען זי האָט אָבער אָנגעהויבען חשבונען אין מוח וויפיל געלט עס פאָדערט זיך אַז מאַרטין זאָל גיין לערנען ביי טאָג, האָט זי שוין מער ניט גערעדט. זי האָט דאָס שוין געלאָזט צו די צווי מאַנסבילען. זי האָט געפילט אַז אירע זיסע האָפענונגען רייסען זיך איבער. און זי קען גאָרניט טאָן צו דעם...

מאַרטין האָט זיך אויסגעלערנט דאָס פּרעסעריי אין אַ קורצער צייט. עס האָט בלויז געדויערט אַ פּאָר חדשים ביז ער האָט געכאַפּט אַלע פּאָרטלען פון דער אַרבייט. דערנאָך איז שוין דאָס געגאַנגען ביי אים ווי געשמירט. עס איז ביי אים פאַרשוואונדען די שרעק פאַר דעם אָנ־געגליטען אייזען, טאָמער וועט ער עפּעס פאַרברענגען. עס האָט גאָר אויסגעזען ווי דאָס אייזען וואָלט פאַר אים מורא געהאַט. דאָס צוועלף־פונטיגע אייזען איז אין זיינע גרויסע הענט ווי אַ שפּילצייג געוואָרען. יונגעט האָט זיך ווי געגריצט מיט עלטער.

בערגער'ס פרוי האָט גאָרניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס איר מאַן קומט אַהיים פון שאָפּ נאָך מער אָנגעכמורעט און צעיוירען ווי פריער, איידער מאַרטין האָט דאָרט געאַרבייט: „זאָל דאָס מעגליך זיין אַז דער טאַטע מיט דעם זון קאָנען ניט דורכקומען? זי וואָלט זייער וועלען וויסען! אָבער מען זאָגט ניט אויס. פרעגט זי דעם מאַן אירען, ציט ער מיט די אַקסלען:

— גאָרניט — גאָרניט! — זי דערקענט אָבער אין זיינע אויגען אַז עפּעס פרעסט אים. נו, פרעגט זי מאַר־טינען, אפשר וועט זי ביי אים עפּעס אַרויסקריגען. אָבער אַ נעכטיגער טאָג — ער ווייסט פון גאָרניט צו זאָגען...

בערגער האָט זיך געטראַכט: „גיי דערצייל אַזעלכע זאַכען צו אַ פרוי! זי וועט דאָך לאַכען פון אים. אָדער אפשר גאָר פאַרלירען דאָס ביסעל דרך־ארץ צו אים... „גיי דערצייל איר למשל, אַז דער באָס חוזקט פון אים. „ען עקספּיריענסד פּרעסער! זע נאָר, מאַרטין פּרעסט שוין די צווייטע דרעס און דו קיצעלסט נאָך די ערשטע". צי איר דערציילען, אַז אַלטע פּרעסערס באַקלאָגען זיך פאַר אים, אַז די יונגע פּרעסערס טרייבען זיי פּשוט אַרויס פון דעם טרייד. ער פילט אַז זיי גיבען אים אַ שטאָך, ווען זיי זאָגען דאָס אים... צי, אַ שטייגער, דער־ציילען איר אַז מאַרטין צעפּירט זיינע יונגע הענט, פילט ער נאָך עלטער ווי ער איז. ער האָט דאָס געפיל ווי אייַ־נער, וואָס שלעפּט זיך נאָך נאָך אַ לויפענדיגען וואָגען... זי וועט אים ניט פאַרשטיין.

דאַרום האָט בערגער באַשלאָסען ביי זיך צו שווייגען. ער האָט אפילו געשוויגען ווען מאַרטין איז אַהיים געקומען און באַרימט זיך פאַר דער מוטער, אַז ער האָט געמאַכט צוויי מאָל אַזוי פיל אַרבייט וויפיל ער, דער פאָפּ". עס האָט אים אַ צופּ געטאָן ביים האַרצען, דער כלומרשטיגער שפּאַס. בערגער האָט געוואוסט אַז דאָס איז אמת: „אָבער וואָס איז ער שולדיג? וויל ער דען ניט אַרבייטען אַזוי שנעל ווי מאַרטין?" אַ גרויסער בחור ווי ער וואָלט געמעגט פאַרשטיין אַז אַ פערטעל יאָרהונדערט שלעפּען דעם אייזען איז ניט קיין שפּילכעל...

מאַרטין האָט אָנגעהויבען געבען אָנצוהערעניש, אַז ער וועט מוזען אַרבייטען פאַר זיך אַליין. אויס שותף צום פאָטער, הייסט עס. מאַרטין האָט אפילו געהאַט גרויס פאַרדרוס צו דאַרפען טאָן אַזאַ זאַך. ער האָט געוואוסט אַז דער פאָטער וועט זיך ערגערען: „אָבער וואָס האָט ער געזאָלט טאָן? אַז ער האָט שוין באַ־שטימט דעם טאָג פון זיין חתונה, און ער דאַרף האָבען אַזוי פיל געלט! עס האָט אים גענומען עטלאַכע וואָכען צייט ביז וואַנען ער האָט גע'פועלט'ט ביי זיך צו זאָגען דאָס צום פאָטער. ער האָט אָפּגעלייגט פון איין טאָג אויפ'ן צווייטען: „זאָל זיין נאָך אַ וואָך, זאָל זיין נאָך אַ וואָך. אָדער אפשר גאָר ענדיגען שוין דעם סעזאָן".

בערגער האָט שטילערהייט געליטען פון אַזעלכע אָנ־צוהערענישען. צייטענווייז איז ער געווען ביין אויף מאַרטינען און צייטענווייז האָט ער אים ביי זיך אין געדאַנק גאָר פאַרענטפערט: „נו, וואָס איז ער שולדיג, אַז מיר לעבען אין אַזאַ אומגערעכטער וועלט? ער וויל דען ביי מיר עפּעס צונעמען? ער דאַרף דאָך אָנהויבען בויען זיך אַן אייגענע נעסט אויף זיינע אייגענע כוחות. איז וואָס קומט אים פאַר דעם?

בערגער האָט אין דער שטיל געזוכט זיך אַ נייעם דזשאָב, צווישען זיינס גלייכען, וועלכע געדענקען אים ווען ער איז נאָך געווען יונג און געאַרבייט פּונקט אַזוי שנעל ווי מאַרטין, און אפשר נאָך שנעלער. מיט זיי האָט ער וועגען וואָס צו ריידען. פאַר זיין זון מאַרטין איז טויט דאָס אַמאָליגע לעבען פון די פאַרשידענע סטרייקס, וואָס די עלטערע פּרעסערס האָבען דורכגעלעבט. נישט וועגען וואָס צו רעדען מיט אים. עס איז אים שוין אויך דערעסען דעם באָס' שטעכווערטלעך:

— בערגער, דו ביסט שוין אויסגעשפּילט... בערגער, דו דאַרפסט שוין לעבען אויף פּראָצענט... בערגער, האָסט פאַרגעסען אַן אייזען אומזיסט... ער האָט זיך געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען ווען ער קריגט אַ נייעם דזשאָב, וואָלט ער דאַן אָט דעם גראָבען יונג אַריינגעזאָגט, אַ עס וואָלט אים פיינסטער געוואָרען אין די אויגען זיינע. ער האָט אים ווייער אַ סך צו זאָגען... ער וואָלט פּשוט אויפגעלעבט ווען ער באַפרייט זיך פון אַביסעל צאָרן...

אָבער אומזיסט איז געווען בערגער'ס מי צו זוכען אַ נייעם דזשאָב. זיינע באַקאַנטע האָבען אים געלאָ...

טאטור און טיראניי. ביידע, פאשיזם און קאמוניזם, זיינען געצילט געגען די אינטערעסען פון פרייע פעלקער. „עס איז דעריבער אונמעגליך צו קעמפען געגען דיקטאטור, ווען מען געהט האנט אין האנט מיט סטאלינען", — האט וואל באטאנט.

עס מוז אבער דא געזאגט ווערען, אז ווייט ניט אלע פירער פון די אייראפעאישע יוניאנס קוקען אויף דער פראגע פון געמיינשאפטליכע אנטי־פאשיסטישע אקציעס מיט קאמוניסטען דורך די זעלבע ברילען וואס מעטיו וואל. אזעלכע יוניאנס, צום ביישפיל, ווי די פון טשעכאסלאוואקיע און נארוועגיע, האבען געשטימט געגען אריינעמען די סאוועטישע יוניאנס בלויז דערפאר, וואס די מאסקווער באלעבאטים פון די יוניאנס האבען, אין זייער אפליקאציע, ארויסגעשטעלט ניט אנגעמבארע באדינגונגען. אייניגע פון זיי האבען אין די רעזאלוציעס פון זייערע צענטראלע קערפערשאפטען באטאנט, אז די אפליקאציע איז מעהר ענהליך צו אן אולטימאטום, ווי צו אן אפליקאציע. דערצו נאך אן אולטימאטום, וואס איז גלייכצייטיג אי חוצפה'דיג ווילד אי משוגע רעאקציאנער. זיי האבען פראטעסטירט געגען דער אולטימאטיווער פאדערונג פון די סאוועטישע טרייד־יוניאן קאמיסארען — שווערניק, מאסקאטאוו און ניקאלאיעוו — אז איידער מען נעמט אריין די רוסישע יוניאנס זאל מען פריהער, אויף א ספעציעלען קאנגרעס, ענדערען די קאנסטיטוציע פון דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל און אפשאפען די נאציאנאלע אומאפהענגיגקייט פון די פעדערײשאנס אין באזונדערע לענדער. נאך שטארקער זיינען זיי געווען אויפגעבראכט געגען דער פאדערונג, אז דער אינטערנאציאנאל זאל, לויט דער נייער קאנסטיטוציע, האבען ניט איין פרעזידענט, נאר דריי, ניט איין גענעראל סעקרעטאר, נאר צוויי, און אז ניט ווייניגער ווי איין סעקרעטאר און איין פרעזידענט זאל פארטרעטען די קאמוניסטישע פירערשאפט פון די רוסישע יוניאנס. איין סעקרעטער זאל פארטרעטען די רוסישע יוניאנס און דער צווייטער די יוניאנס פון אלע אנדערע לענדער פון אייראפא און אמעריקא.

אין די דאזיגע פונקטען (וועגען א רוסישען פרעזידענט און א רוסישען סעקרעטער) האבען די יוניאן־טוער פון די פרייע לענדער דערזעהן, א שלעכט פארמאסקירטען פארזוך צו פארכאפען דעם טרייד־יוניאן־אינטערנאציאנאל און פארוואנדלען איהם אין א מין אויסלענדישע אגענטור פון דער זעלבער סאוועטען רעגירונג, וועלכע קאנטראלירט די רוסישע יוניאנס און פארוואנדעלט זיי אין מלוכה־קאנצעלאריעס.

נאך שטארקער איז געווארען די אויפרעגונג אין די יוניאן קרייזען, ווען עס איז באקאנט געווארען די דריטע אולטימאטיווע פאדערונג פון סאוועטישען איינהייטס־פלאן. דער פונקט האט געפאדערט א גאראנטיע, אז די יוניאן דיוס פון דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל „וועלען ניט געהן אויף פראפאגאנדע געגען סאוועטען־פארבאנד" (מיינענדיג סטאלינען און זיין מלוכה־רעושים), אדער „אויף פראפאגאנדע געגען סאוועטישע יוניאנס". אין דעם פונקט האבען די קריטיקער דערזעהן א פאדערונג, אז דער אינטערנאציאנאל זאל גאראנטירען, דאס די טרייד־יוניאן פרעסע פון דער וועלט וועט מעהר ניט קריטיקירען די סאוועטען־רעגירונג און איהרע יוניאנס.

ווי מיר איז שוין אויסגעקומען צו שרייבען (אין „גערעכטיגקייט" פון מארטש), האבען „די מערסטע ארבייטער טוער דערזען אין דער פאדערונג אי א טיפע באליידיגונג (מיר גיבען אייך געלט, דארפט איהר אונז דערפאר אפדינען!), אי א גרויסע סכנה פאר זיין פאליטישער און אידעאלאגישער אומאפהענגיגקייט. זיי גלויבען, אז די קריטיק פון דער סטאלין־דיקטאטור אין רוסלאנד, אפילו ווען זי ווערט געמאכט פון אויפריכטיגע פריינד פון רוסישען ארבייטער־קלאס, וועט פון די סטאלין־קאמוניסטען אויסגעטייטשט ווערען ווי פראפאגאנדע געגען סאוועטען פארבאנד. און פון דעם רעכט אויף אזא ארבייטער־קריטיק ווילען זיי זיך ניט אפזאגען. זיי האלטען, דאס ווי שטארק די ארגאניזירטע ארבייטער זאלען ניט שטיצען סאוועט־רוסלאנד — און שטיצען איהר אין פאל פון א פאשיסטישער אטאקע מוז מען! — טארען זיי זיך ניט אפזאגען פון זייער רעכט צו קריטיקירען די טעראר־מעטאדען פון דער באלשעוויסטישער דיקטאטור.

אנדערע קריטיקער — און צווישען זיי די ענגלישע — זיינען געגאנגען נאך ווייטער. זיי האבען געטענה'ט, אז ווען אפילו מאסקווע וואלט ניט ארויסגעשטעלט אזעלכע חוצפה'דיגע פאדערונגען, וואלט מען ניט געטארט אריינעמען די מלוכה טשינאווניקעס פון רוסלאנד — שווערניק, מאסקאטאוו און ניקאלאיעוו — אלס פארטרעטער פון די רוסישע יוניאנס. ארבייטער יוניאנס, זאגען זיי, האבען שוין לאנג אויפגעהערט צו עקזיסטירען אין רוסלאנד. דאס וואס מען רופט דארט ארבייטער יוניאנס זיינען אין דער אמת'ן ניט פיל בעסער ווי קאמפאניע־יוניאנס אין קאפיטאליסטישע לענדער. זיי ווערען אינגאנצען קאנטראלירט פון דעם איינציגען באלעבאס פון אלע אונטערנעמונגען, דער ביוראקראטישער און דיקטאטארישער רעגירונג. זייערע מיטגלידער האבען קיין רעכט ניט צו ערוועהלען באאמטע אדער אין א וועלכער עס איז אנדער פארמע קאנטראלירען די פאליסיס פון די מלוכה־קאנצעלאריעס וואס טראגען דעם נאמען „יוניאנס". זיי ווייזען אויך אן, אז די לעצטע קאנווענשאן פון די סאוועטישע יוניאנס איז פארגעקומען מיט זעקס יאהר צוריק; אז שווערניק, מאסקאטאוו און ניקאלאיעוו זיינען ניט קיין פריי ערוועהלטע באאמטע, נאר אפאינטעטע; אז זיי זיינען באשטימט געווארען פון דעם באלעבאס, סטאלינען, אויפן פלאץ פון די געזעצליך ערוועהלטע, אויף א נאציאנאלער קאנווענשאן, פירער, טאמסקי און זיינע חברים; אז די דריי דערמאנטע יוניאן־קאמיסארען האלטען אין איין פארשפרעכען צו רופען אן אלפארבאנדישע קאנווענשאן פון די סאוועטישע יוניאנס און לעגען אפ זייער רוף פון יאהר צו יאהר — שוין זעקס יאהר צייט; אז ווען א רוסישער ארבייטער פרובירט אויסצונוצען דעם פאראיין אין זיינע אינטערעסען אלס א לוין־ארבייטער, ווערט ער פארשריען פאר א „שעדיגער" און „שונא פון פאלק" און ליקווידירט, אזוי ווי עס איז די טעג ליקווידירט געווארען די אלטע פירערין פון די רוסישע טעקסטיל יוניאנס, אלעקסאנדרא ארטוכינא (זעה „טיימס" פון 23טען מאי).

און ווייל די סאוועטישע יוניאנס האבען איצט אזא רעפוטאציע פון „קאמפאני יוניאנס" און, נאך מעהר, ווייל די מאסקווער פירער פון די דאזיגע יוניאנס האבען ארויסגעשטעלט אולטימאטיווע פאדערונגען, וואס קענען אין קיין פאל ניט אנגענומען ווערען, האט דער גענעראל־ראט, מיט א מערהייט פון 16 געגען 4 גוטגעהייסען די יאנואר־האנדלונג פון דעם עקזעקוטיוו קאמיטעט און צוריקגעוויזען דעם מאסקווער אנבאט.

דער גענעראל־ראט איז דאס מאל געגאנגען נאך ווייטער. דער זעלבער פרעזידענט זיינער, וואלטער סיטרין פון ענגלאנד, וואס האט מיט צוויי יאהר צוריק גע'כשר'ט דעם פארשלאג פון אנפאנגען איינהייטס־פארהאנדלונגען מיט די סאוועטישע יוניאנס, האט דאס מאל אזוי ווייניג געגלויבט אין דער אויפריכטיגקייט פון די רוסישע פארטרעטער, אז ער האט פארגעשלאגען ניט צו באנוגענען זיך מיט צוריקוויזען דעם באטרעפענדען פלאן, וואס די מאסקווער האבען פארגעשלאגען. ער איז געווען פאר דעם, אז מען זאל געהן ווייטער און אינגאנצען איבעררייסען די פארהאנדלונגען מיט די סאוועטישע יוניאנס.

געגען אזא ווייטגעהענדען פארשלאג האבען גערעדט — און געשטימט — פארטרעטער פון צוויי לענדער, וואס האבען פריהער געשטימט פאר צוריקוויזען די איצטיגע אפליקאציע פון די רוסישע יוניאנס. די דעלעגאטען פון טשעכאסלאוואקיע און נארוועגיע האבען ניט געוואלט, אז מען זאל אינגאנצען פארמאכען די טירען צו א פארשטענדיגונג מיט מאסקווע. זיי האבען פילייכט געהאפט, אז סטאלין, וועלכער נויטיגט זיך איצט שטארק אין דער מאראלער און פאליטישער שטיצע פון די ארגאניזירטע ארבייטער אין די פרייע לענדער, וועט צוריקציהען זיינע אולטימאטיווע פאדערונגען און, דורך א פארלייכטערונג פון זיין דיקטאטור איבער די רוסישע יוניאנס, מעגליך מאכען זיי אריינצונעמען אין אינטערנאציאנאל.

די דאזיגע אפטימיסטען זיינען דורכגעפאלען. דער פארשלאג איבערצורייסען אינגאנצען די פארהאנדלונגען מיט די סאוועטישע יוניאנס איז דורכגעגאנגען מיט א מערהייט פון צוויי געגען איינס. 14 האבען געשטימט פאר דעם פארשלאג און נאר 7 געגען.

⁂

צווישען די 7 האבען, ווי שוין באמערקט, זיך אויך געפונען די סאציאליסטישע פירער פון די טשעכישע יוניאנס. פארטרעטענדיג א רעגירונגס־פארטיי, וואס איז פארבונדען דורך א מיליטערישען אפמאך מיט סאוועט־רוסלאנד, אויף וועמעס הילף זיי האפען אין פאל פון א היטלער־אטאקע, האבען זיי, נאטירליך, געהאט א ספעציעלע אורזאכע ניט צו שטימען פאר א גענצליכען ריס מיט מאסקווע.

אגב איז טשעכאסלאוואקיע, וועמען נאצי־דייטשלאנד האט זיך איצט פארמאסטען צו פארניכטען, צווישען די בעסטע ארגאניזירטע לענדער פון דער וועלט. ארום 50 פראצענט פון אלע לוין־ארבייטער באלאנגען צו די יוניאנס.

# אין יוניאן העלטה סענטער

פון פאולין מ. ניומאן

די צוזאמענקונפטען פון אונזער מעדיצינישען שטאב זיינען אינטערעסאנט אפילו פאר מיר כאטש ניט קיין דאקטאר. ווען ניט די טעכנישע און מעדיצינישע טערמינען וואס זיי געברויכען וואלט עס ווערט געווען אריבערצוגעבען זייערע פארהאנדלונגען.

דער מעדיצינישער שטאב קומט זיך צוזאמען יעדע צוויי וואכען. יעדער צוזאמענקונפט רעדט ארום איין באשטימטע קראנקהייט. איין אווענד ווערט ארומגערעדט צוקער קראנקהייט און די מעטאדען ווי צו בעהאנדלען די פאציענטען; א צווייטען מאל וועגען סיפיליס; א דריטען מאל — וועגען דערקענען און בעהאנדלען רעהומאטישע קראנקהייטען. די דאקטוירים זיינען ענטוזיאסטיש וועגען די צוזאמענקונפטען און וועגען דעם אויסגעצייכענטען באזוך. די צוזאמענקונפטען זיינען פון גרויסער באדייטונג פאר דעם יוניאן העלטה סענטער. אומדירעקט זיינען זיי פון גרויס נוצען פאר די פאציענטען. חוץ דעם גיט עס א געלעגענהייט אונזערע דאקטוירים צו באגעגנען זיך און זיך נענטער באקענען איינער מיט'ן צווייטען. עס איז געווען א גלענצענדער איינפאל פון דר. דזשארדזש און לעא פרייס איינצואורדנען אט די צוזאמענקונפטען. דער העלטה סענטער דריקט אויס א דאנק די דאקטוירים פאר באזוכען די צוזאמענקונפטען און אוועקגעבען זייער צייט און ענערגי דערביי אונענטגעלטליך, כאטש זיי ווייסען, אז די שריפטען וואס זיי לייענען פאר וועלען ניט פארעפענטליכט ווערען אין דער טעגליכער פרעסע און אפילו אונזערע אייגענע צייטונגען דערמאנען זיי זעלטען.

### ניט אלץ איז רוהיג אין דער מעדיצינישער פראפעסיע

עפעס רודערט זיך צווישען די מיטגלידער פון דער ארגאניזירטער מעדיצינישער פראפעסיע. די שטימען פון די מעהר געזעלשאפטליך־באוואוסטזיניגע דאקטוירים הויבען זיך אן צו הערען. אפשר דערוויל ניט מעהר ווי א שעפטשען אבער מען הערט זיי סיי ווי סיי. יעדעס מאל ווען אזא שטימע דערהערט זיך דערשרעקען זיך די ארגאניזירטע מעדיצינער. ביי דער לעצטער פארזאמלונג פון דער דעלעגאטען קערפערשאפט פון דער מעדיצינישער געזעלשאפט פון ניו יארק סטעיט, איז דער באריכט פון איר קאמיטע איבער גרופען אינשורענס און האספיטאל אויסגאבען, צוריקגעשיקט געווארען צו דער קאמיטע פאר „ווייטערען שטודירען". טראץ אבער דער רעאקציאנערער שטעלונג פון די ארגאניזירטע דאקטוירים, מאכט דאך דער האספיטאל אינשורענס פלאן גרויס ערפאלג.

אויך די מעדיצינישע געזעלשאפט פון ניו דזשוירזי האט ביי איר לעצטען מיטינג פארדאמט די גרופען מעדיצין אלס א סאציאליסטישע איינריכטונג און האט זיך פארפליכטעט צו באקעמפען עס מיט אלע מיטלען. אבער וואס קען מען ערווארטען בעסערס פון ניו דזשוירזי? מיר זיינען אבער זיכער, אז אפילו דארט וועט מיט דער צייט זיך לאזען הערען די שטימע פון די געזעלשאפטליך באוואוסטזיניגע דאקטוירים.

### פון מיינע טעגליכע פארצייכענונגען

געהאט א צוזאמענרייד מיט דר. פרייס. „ווי אזוי קענען מיר פארגרעסערען אונזער סטעף — פרעגט ער — ווען מיר האבען ניט קיין פלאץ? ווי אזוי קענען מיר ווי געהעריג איז אויפפאסען אויף אונזערע פאציענטען ווען מיר זיינען אזוי געענגט אין פלאץ?" אודאי איז ער גערעכט. אבער דער ענטפער וועט געגעבען ווערען פון דער קאמיטע וואס די באארד אוו דירעקטארס האט באשטימט פאר דעם צוועק.

⁂

מיס ז., פון לאקאל 22, איז ווידער געקומען. זי איז קראנק אבער וויל גיין צו דער ארבייט. זי האט אין גאנצען ניט פון וואנען צו לעבען. זי האט אפילו קיין היים ניט, אפילו ניט קיין צימער פאר זיך, ווי וויט איך ווייס. זי האסט צו רעדען וועגען זיך. זי איז איינע פון די מענשען וועלכע דענקען ניט, אז די יוניאן איז מחויב זיי צו באזארגען מיט לעבענס מיטלען. עס איז א פאקט, אז די יוניאן האט געהאט שוועריגקייטען צו באוועגען איהר אנצונעמען אביסעל שטיצע צו וועלכע זי איז בארעכטיגט — אן אויסערגעוויינליכער פאל אין דעם לעבען פון א יוניאן היינטיגע צייטען. אבער אזוי איז זי. עס וואלט זיך וועלען איהר העלפען. עס וועט לאנג ניט נעמען און זי וועט ווידער שטיין אויף איהרע אייגענע פיס. אבער ביז דעמאלט מוז זי זיין פריי פון דחקות.

# אין דער וועלט פון ארבייט

וואס עס הערט זיך אין דער ארבייטער־באוועגונג אין פארשיידענע לענדער פון דער וועלט

פון מארק כינאי.

## מאסקווע אין פאריז און אין אסלא



שוא, גענעראל סעקרעטאר פון דער פראנצויזישער „פעדערײשאן אוו לייבאר" („סע־זשע־טע"), און שווערניק, קאמיסאר איבער דעם טרייד־יוניאן קאמיסאריאט פון דער סאוועטען רעגירונג, האבען דעם 9טען און 10טען מאי, אויף א העכסט סימבאלישען אופן דעמאנסטרירט די גרויסע ענדערונג אין די באציהונגען צווישען מאסקווע און די פראנצויזישע יוניאנס, וואס דאס לעבען האט פארצייכענט די לעצטע עטליכע יאהר.

די דעמאנסטראציע האט צו זיך געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון דער ארבייטער פרעסע אין גאנץ אייראפא און איז ווידערהאלט געווארען צוויי מאל.

איין מאל אויף דער דיסטריקט קאנווענשאן פון די פראנצויזישע יוניאנס אין דעם דעפארטעמאן (דיסטריכט, שטאט) פון ראן, און דעם צווייטען מאל אויף אן עהנליכען צוזאמענקונפט פון די אקטיווע טוער און פירער פון דעם דיסטריקט.

איןביידע פאלען איז דער דעמאנסטראטיווער כאראקטער פון דער ארויסטרעטונג באטאנט געווארען דורך דעם וואס זיי האבען גערעדט פון איין פלאטפארמע, אדרעסירט גלייכצייטיג די זעלבע יוניאן צוזאמענפארען און באגריסט זיי אין דעם זעלבען גייסט און אין איינקלאנג מיט די זעלבע אידייען.

דער סימבאלישער כאראקטער פון דער דאזיגער דעמאנסטראציע ווערט קלאר ווען מען דערמאנט זיך אז לעאן זשוא, וועלכער איז שוין מעהר ווי 20 יאהר דער הויפט־פירער פון די פראנצויזישע יוניאנס, האט דעם לעצטען מאל אדרעסירט א פראנצויזישע קאנווענשאן צוזאמען מיט א סאוועטישען דעלעגאט, אויף דער שפאלטונגס־קאנווענשאן פון 1921, אין ליל, מיט 17 יאהר צוריק. אויף יענעם צוזאמענפאר האט דער פארטרעטער פון מאסקווע, לאזאווסקי, ארויפגעצוואונגען אויף די פראנצויזישע יוניאנס דעם טראגישען ריס, וואס האט גענומען 15 יאהר צו פארהיילען. מאסקווע איז דאן באשטאנען אויף דער שפאלטונג אין די פראנצויזישע יוניאנס, ווי אין די יוניאנס פון אנדערע לענדער, ווייל די מערהייט פון די יוניאנס האט ניט געגלויבט אז די ארבייטער זיינען שוין גרייט פאר א סאציאלער רעוואלוציע און האט געזוכט צו העלפען דער רוסישע רעוואלוציע דורך א פאליטישען און אינדוסטריעלען קאמף געגען מיליטערישער אינטערווענציע. היינט האלט מאסקווע, אז די דאזיגע טאקטיק, וואס זשוא האט פארטיידיגט אין 1921, איז די איינציג ריכטיגע טאקטיק. היינט איז מאסקווע געגען א רעוואלוציע אין פראנקרייך און פאר א שטארקער דעמאקראטישער רעגירונג. היינט איז זי געגען בירגער־קריג און פאר קלאס־קאלאבאראציע; געגען פראלעטארישער דיקטאטור אין פראנקרייך און פאר א „נאציאנאלען בונד" מיט די ביטערסטע ארבייטער־שונאים; געגען אנטי־מיליטאריסטישער פראפאגאנדע און פאר א שטארקער ארמעע און א מעכטיגער פלאטע. היינט איז מאסקווע, און מיט איהר די גאנצע קאמוניסטישע פארטיי פון פראנקרייך, געגען וועלכע עס איז שפאלטונגען אין די ארבייטער רייהען און פאר „פולע, ארגאנישע איינהייט"...

אם ווענינגסטענס אפיציעל איז די לאגע איצט אזא אין פראנקרייך.

אומאפיציעל, הינטער די פיר ווענט פון זייערע געהיימע קאקוסען, האנדלען די קאמוניסטען גאנץ אנדערש.

ניט אומזיסט האט לעאן זשוא זיך באקלאגט מיט א מאנאט צוריק אין זיין צייטונג „פעל" אויף דער שרייענדער סתירה צווישען די אפיציעלע דעקלאראציעס און די ניט־אפיציעלע, געהיימע האנדלונגען פון די קאמוניסטען. אפיציעל איז זשוא „אונזער גרויסער פירער", „אונזער בעסטער טשעמפיאן פאר די אינטערעסען פון די ארבייטער", און אומאפיציעל האבען סויזענטער קאמוניסטען, אויף א געהיימען באפעל פון זייערע קאקוס־לידערס, ארונטערגעריסען זשוא'ן און ניט געלאזט איהם ריידען אויף א מאנסטער־מיטינג פון ארגאניזירטע ארבייטער אין פאריז...

און ווייל לעאן זשוא איז, נאך לעאן בלומען, די פאפולערסטע און איינפלוסרייכסטע פיגור אין דער פאלקס־פראנט־באוועגונג, האט די האנדלונג פון די „געהיימע קליקעס" פאראורזאכט א נאציאנאלען סקאנדאל. אין דעם פעקעל פראנצויזישע צייטונגען, וואס איך האב דערהאלטען, געפין איך נאך אלץ טריאומף־קלאנגען פון דער רעאקציאנערער און פאשיסטישער פרעסע.

איך ווייס ניט, אויב דער מאסקווער שליח האט געגעבען זשוא'ן וועלכע עס איז גאראנטיעס, אז די פראנצויזישע תלמידים פון מאסקווע וועלען איצט, אין זייער טרייד־יוניאן טעטיגקייט, אויפגעבען זייער דאפעלטע בוכהאלטעריע — האנדלען לאיאל אפיציעל און אומלאיאל ניט־אפיציעל. איך ווייס אבער, אז אפילו שווערניק'ס מיסיע קיין פראנקרייך האט געטראגען א טאפעלטען כאראקטער, אן אפיציעלען און אן אומאפיציעלען.

אפיציעל איז ער געשיקט געווארען קיין פאריז צו דעמאנסטרירען בלויז די טיפע געפילען פון ברידערליכער איינהייט וואס פארבינדען איצט די ארגאניזירטע ארבייטער פון די צוויי לענדער. אומאפיציעל האט ער געהאט אן אנדערע, א מעהר וויכטיגע און א מעהר פראקטישע אויפגאבע.

אין וואס די דאזיגע אויפגאבע באשטייט האט דערציילט זשאן זשיראמסקי, א לינק־סאציאליסטישער יוניאן־טוער, אין „פאפולער" פון 10טען מאי.

ער שרייבט:

„אין א מאמענט, ווען עס האבען זיך באוויזען נייע רייבונגען צווישען דעם גענעראל־ראט פון דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל און די סאוועטישע יוניאנס, אין דער צייט ווען נייע שטערונגען זיינען אויסגעוואקסען אויפ'ן וועג פון פאראייניגען די סאוועטישע יוניאנס מיט דער אינטערנאציאנאלער פעדעראציע פון טרייד־יוניאנס, איז געווען נויטיג צו דעמאנסטרירען די ברידערליכע פארשטענדיגונג מיט די פראנצויזישע יוניאנס. א דערנענטערונג צווישען דער פראנצויזישער פעדעראציע פון ארבייט און דער צענטראלע פון די רוסישע יוניאנס וועט מוזען האבען א גרויסע ווירקונג אויף דער געזונטער פאראייניגונג פון אלע ארבייטער כחות פון דער וועלט . . .

„מיר זיינען טיף איבערצייגט, — שרייבט ער ווייטער, — אז דער פלאץ וואס די „סע־זשע־טע", די פראנצויזישע פעדעראציע פון ארבייט, פארנעמט אין דער ארבייטער באוועגונג פון דער וועלט, דער איינפלוס וואס זי איבט אויס אויף דער פאליטיק פון דער פראנצויזישער מלוכה, די וויכטיגקייט פון דער ראליע וואס פראנקרייך שפילט אין דער אנטי־פאשיסטישער פאליטיק, וועלען צוגעבען די פירער פון די פראנצויזישע יוניאנס אן ענטשיידענעם אויטאריטעט ווען עס וועט קומען צו נעמען א שטעלונג איבער דער פראגע פון אינטערנאציאנאלער איינהייט (מיט די רוסישע יוניאנס).

„די פראנצויזישע „סע־זשע־טע" מוז ארבייטען מיט דעם מאקסימום פון ענערגיע און ענטשלאסענהייט אין אפראמען פון וועג אלע שטערונגען צו איינהייט.

„די צענטראלע יוניאן קערפערשאפטען פון מעקסיקא און שפאניע וועלען שטיצען די פראנצויזישע פארטרעטער, און עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען אז די „איינהייטס באוועגונג" (מיט די סאוועטישע יוניאנס), ווען געשטיצט פון אזעלכע מאטעריעלע און מאראלע כחות, זאל ניט זיגען".

דער קורצער מיין פון דער לאנגער טיראדע איז א קלארער. ער וויל מיט איר זאגען, אז די פראנצויזישע יוניאנס, מיט זייערע 5 מיליאן מיטגלידער, מיט זייער גרויסען איינפלוס אויף זייער אייגענער רעגירונג, און אויף די סאציאליסטישע רעגירונגען און יוניאנס פון אנדערע לענדער דארפען קעמפען פאר דעם „איינהייטס־פלאן" פון מאסקווע אויף דעם צוזאמענקונפט פון דעם גענעראל־ראט פון טרעיד־יוניאן אינטערנאציאנאל אין אסלא, נארוועגיע. די פראנצויזישע יוניאנס מוזען ארבייטען פאר דעם פלאן נאך מעהר ענערגיש ווי ביז איצט. מעהר ענערגיש ווי ביי דעם מיטינג פון דער אינטערנאציאנאלער ביורא, וואו דער שווערניק־זשוא פלאן איז געטייבעלט געווארען. און אודאי מיט מעהר ערפאלג ווי אויף דעם יאנואר־מיטינג פון דעם עקזעקוטיוו קאמיטעט וואו דער פארשלאג איז מיט א גרויסער מעהרהייט צוריקגעוויזען געווארען. די פראנצויזישע דעלעגאטען, געשטיצט פון די דעלעגאטען פון מעקסיקא און שפאניע, טארען ניט דערלאזען אז דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד, צו וועלכען עס קומען די פארטרעטער פון אלע וויכטיגע לענדער, זאל דעם מאסקווער פלאן צוריקווייזען.

אט אין דעם איז באשטאנען די „אומאפיציעלע" מיסיע פון שווערניק'ן, ווען ער איז „אויפ'ן וועג" קיין אסלא פארפארען קיין פאריז.

פון לענינגראד, רוסלאנד, קיין אסלא, נארוועגיע, קען מען מיט אן עקספרעס־צוג דורך פינלאנד אנקומען אין עטליכע שטונדען. שווערניק איז אבער געשיקט געווארען ניט דורך דעם קורצען שנעלען וועג, נאר דורך דעם לאנגען, לאנגזאמען וועג, דורך מערב־אייראפא, און פון דארט מיט א שיף קיין אסלא, צוריק קיין צפון־אייראפא. א דאנק דעם האט ער געהאט די מעגליכקייט צו זעהן זיך, פאר דעם מיטינג, מיט זיינע פריינד צווישען די יוניאן־טוער פון טשעכאסלאוואקיע, פראנקרייך, שפאניע, מעקסיקא, די סקאנדינאווישע לענדער, און פרובירט זיי צו באוועגען צו שטימען פאר דעם מאסקווער פארשלאג.

### אומזיסטע מיה

דער פלאן האט זיך ניט איינגעגעבען. דער פארזוך צוצוגרייטען א גינסטיגע מערהייט איז דורכגעפאלען.

אויף דעם וועלט־צוזאמענפאר פון דעם גענעראל־ראט, וואס איז אפגעהאלטען געווארען דעם 16—20טען מאי אין אסלא, האבען פאר דעם מאסקווער „איינהייטס־פלאן" געשטימט נאר די 4 דעלעגאטען פון די דריי אויבען־דערמאנטע פעדערײשאנס אוו לייבאר — דער פראנצויזישער, דער מעקסיקאנער און דער שפאנישער. געגען איהם האבען געשטימט פיר מאל אזוי פיל דעלעגאטען — 16.

די מעכטיגע טרייד־יוניאן באוועגונג פון ענגלאנד (געשטיצט פון די שטארקע באוועגונגען אין אזעלכע לענדער ווי בעלגיע, האלאנד, דענמארק, שוועדען, טשעכאסלאוואקיע און שווייץ) האט דורך איהר שטענדיגען סעקרעטאר, וואלטער סיטרין, אמשטארקסטען געקעמפט געגען דעם פלאן.

זייער געגנערשאפט האט, נאטירליך, געפונען א ווארימען אפקלאנג ביי דעם דעלעגאט פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר, מעטיו וואל.

דער לעצטער איז געווען געגען דעם פארשלאג, אפגעזעהן פון דעם צי דער פלאן גופא, אזוי ווי די מאסקווער באלעבאטים פון די רוסישע יוניאנס האבען איהם פארמולירט לעצטען נאוועמבער, איז גוט אדער שלעכט. מיט קאמוניסטישע יוניאנס, סאוועטישע אדער ניט־סאוועטישע, האט מעטיו וואל געזאגט, וועט די אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר אין קיין פאל ניט געהן. ער האט צוגעגעבען, אז עס איז דא א פאשיסטישע געפאר און אז די קאמוניסטען זיינען געגען נייע פאשיסטישע זיגען. פאשיזם, אבער, האט וואל געזאגט, איז ניט די איינציגע באוועגונג וואס ארבייט פאר דיק־

---

בערלין וואס איז די טעג דערשינען אין דער ניו יארק טיימס. אין יענער דעפעשע ווערט געזאגט, אז די נאצי עקספארטערס ציטערען דער באיקאט זאל ניט פארשטארקט ווערען צוליב גערינג'ס פלאן צו קאנפיסקירען דאס פארמעגען אפילו פון אויסלענדישע אידען. מיר ווייסען, אז די אמעריקאנער אידען, די אמעריקאנער ליבעראלען, און די פארשטייער פון די פארשידענע גרופען וואס ווערען אונטערדריקט אין היטלערלאנד, וועלען ניט ענטוישען די היטלער עקספארטערס און וועלען טאקע פארשטארקערען דעם אנטי־נאצי באיקאט. מיר, אין אמעריקא, האבען געוויזען דער וועלט דעם וועג צו באקעמפען נאצי־דייטשלאנד. ענדליך הייבט זיך אן אננעמען אונזער פראפאגאנדע אויך אין אייראפע. מיר מוזען ווייטער זיין אין אוואנגארד.

טער אדמיניסטראציע, וועלכע איז צוזאמענגעשטעלט פון אלע גרופען. ווי ווייט זיי וועלען קענען הארמאניש צוזאמענארבייטען, בלייבט צו זען.

### קאנווענשאן פון אפיס אנגעשטעלטע און פראפעסיאנאלן.

פון 18טען ביז'ן 22טען מאי איז אין וואשינגטאן אפגעהאלטען געווארען א קאנווענשאן פון דער יונגער „יונייטעד אפיס ענד פראפעשאנעל ווארקערס יוניאן". די יוניאן איז ערשט לעצטעס יאר ארגאניזירט געווארען פון פערצען פעדעראלע לאקאלען פון דער א. פ. או ל. און עטליכע אונאפהענגיגע גרופען. אלס מיטגלידער ווערען דארט אריינגענומען אלערליי אנגעשטעלטע פון אפיסעס און פראפעסיאנעלע מענשען, מאלער, צייכענער, אינשורענס אגענטען און פון ענליכע פראפעסיעס. ביים ארגאניזירען זיך האט די יוניאן געהאט ארום 9,000 מיטגלידער. איצט, לויט דעם באריכט פון פרעזידענט מעריל צו דער קאנווענשאן, ציילט שוין די יוניאן 45,000 מיטגלידער, און ביי דער קאנווענשאן זיינען געווען פארטראטען איבער 300 דעלעגאטען.

דער מערקווירדיגער וואוקס פון דער אינגסטער יוניאן אין דער סי. אי. א., וואס האט פארפינפאכט די צאל מיטגלידער אירע אין צען מאנאטען צייט, באווייזט וויפיל עס קען דערגרייכט ווערען פון ארבייטער אויפ'ן ארגאניזאציאנעלען געביט ווען זיי באפרייען זיך פון די קאנסערוואטיווע פענטעס, אין וועלכע דער עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער פעדעריישאן האלט גרופען ארבייטער, וועלכע האבען נאך ניט קיין אייגענע אינטערנעשאנעל יוניאנס און שטייען אונטער זיין אפוטרופסות. יארען לאנג האבען די פעדעראלע לאקאלס זיך געבעטען מען זאל זיי געבען אויטאנאמיע פון א באזונדער נאציאנאלער יוניאן. דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט דעם פארלאנג זייערען כסדר צוריקגעוויזען און זיי האבען געצויגען א קלעגליכע עקזיסטענץ, אן לעבען, אן ענערגיע; אזוי שנעל אבער ווי זיי האבען געשאפען זייער ארגאניזאציע, האט זיך אלעס געענדערט ווי דורך א כישוף. דאס פעלד איז זייער א ברייטע. ווען די יוניאן זאל ווייטער פארזעצען איר טעטיגקייט מיט דער זעלבער ענערגיע, קען זי ווערען די גרעסטע אינטערנעשאנעל יוניאן אין אמעריקע.

אויך ביי דער קאנווענשאן האט מען גערעדט וועגען דער נויטיגקייט פון פרידען אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג. די פירערשאפט האט פארזיכערט, אז אזא פרידען קען און מוז געשלאסען ווערען. דער טאן, נאטירליך, איז געווען אינגאנצען פאר פרידען אויף די באדינגונגען וואס די סי. אי. א. וויל. זיינען זיי דאך צום לעבען געקומען דורך דער סי. אי. א.

### קאנווענשאן פון דער זאקען־שטריקער פעדעריישאן

אין שארלאט, נארט קארליינא, איז דעם מאנאט אפגעהאלטען געווארען די 27טע קאנווענשאן פון דער פעדעריישאן או פול פעשאנד האזשערי ווארקערס יוניאן, וועלכע איז א טייל פון דער יונייטעד טעקסטיל ווארקערס.

די יוניאן האט דורך די לעצטע פאר יאר דורכגעמאכט אן אויסערגעוויינליך שווערע צייט. אין טרייד איז ניט געווען איבעריגס גוט דורך דעם לעצטען יאר. דערצו זיינען פארגעקומען דריי פארביטערטע סטרייקס אין פענסילווייניא, וועלכע האבען אפגעקאסט דער יוניאן א פארמעגען. לויט דעם באריכט פון דער פינאנס קאמיטע צו דער קאנווענשאן האבען די סטרייקס אליין געקאסט דער יוניאן ארום 30,000 דאלער א מאנאט. דורכ'ן יאר האט די יוניאן געהאט אן איינקונפט פון 380,000 דאלער. איבער די סטרייקס אין דער נארט, איז די יוניאן געצוואונגען געווען אפצושטעלען איר געפלאנטען ארגאניזאציאנס־קאמפיין אין דער סאוט און דאס האט פארשטארקט די טענדענץ איבערצופירען פאבריקען אהין. דאס האט געבראכט ארבייטסלאזיגקייט און אומצופרידענהייט אין די ארגאניזירטע צענטערס וועלכע האבען זיך אפגעשפיגעלט ביי דער קאנווענשאן אין שארפע קריטיק פון דער אדמיניסטראציע. די פירערשאפט האט פארשפראכען ווידער צו פארשטארקען דעם קאמפיין אין דער סאוט און האט אויסגעארבייט א פלאן ווי אזוי עס אנצופירען און פינאנסירען.

### דער ברודער־קריג אין דער טרייד יוניאן באוועגונג ווערט פארטיפט.

מיר האבען שוין פריהער אנגעוויזען אויף די שלום־רעדעס וואס טראגען זיך די לעצטע צייטען איבעראל. צווישען די וואס האבען גערעדט מיט האפנונג אויף א שנעלען פרידען, זיינען געווען יוניאן פירער, רעגירונגס־פארשטייער, כלל טוער און סתם ליבעראלען און ראדיקאלען פון אלערליי שאטירונגען. די מעשים אבער פון די פירער פון ביידע צדדים זיינען אבער פונקט דער היפוך פון די רעדעס. יעדער צד זוכט צו שלאגען און שעדיגען דעם צווייטען וואו עס לאזט זיך.

דער הייגטיגער מאנאט האט זיך אנגעהויבען מיט דעם אפיציעלען אויסשליסען פון דער אמעריקן פעדעריישאן או לייבאר נאך זעקס יוניאנס וואס זיינען אנגעשלאסען אין דער סי. אי. א. די אויסגעשלאסענע יוניאנס זיינען: די אמאלגאמייטעד, די אייזען און שטאל ארבייטער יוניאן, די טעקסטיל ארבייטער יוניאן, די אויטאמאביל ארבייטער, ראבער ארבייטער און די איל פילד גאז און פעטראלעאום ארבייטער. צוזאמען מיט די דריי אינטערנעשאנעלס, וואס זיינען אויסגעשלאסען געווארען לעצטען פעברואר, די מיינערס, גלאז ארבייטער און די מעטאל שמעלצער, איז איצט פארבליבען בלויז אונזער אינטערנעשאנעל סוספענדירט און ניט אויסגעשלאסען פון דער פעדעריישאן.

דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט זיך ניט באנוגענט בלויז מיט'ן אויסשליסען די יוניאנס. פרעזידענט גרין האט אנאנסירט, אז ער האט גרופען ארבייטער אין די אלע אינדוסטריען, וואס עס מיינט אז די פעדעריישאן קלייבט זיך אנצוהויבען א קאמף דורך ארגאניזירען אפאזיציאנס יוניאנס. אזא מין קאמף האט זיך שוין פאקטיש אנגעהויבען. די פעדעריישאן האט ארויסגעגעבען א נאציאנאלן טשארטער צו דער פראגרעסיוו מיינערס יוניאן; אין דער מענער קליידער אינדוסטריע האט זי די יונייטעד גארמענט ווארקערס; אין דער מעטאל שמעלצער יוניאן האט זי געטשארטערט די אזוי גערופענע „בליו קארד" יוניאן.

דער קאמף האט זיך אויך אריבערגעטראגען אויפ'ן פאליטישען געביט. אין פענסילווייניא האט שוין דער קאמף אויך געבראכט די אומפארמיידליכע פרוכט, ווען אין די פריימערי וואלען פון דער דעמאקראטישער פארטיי איז נאמינירט געווארען א רעאקציאנערער לאיער פון פיטסבורג פאר גאווערנאר, אנשטאט דעם סעקרעטער־טרעזשורער פון דער מיינערס יוניאן, טאם קענעדי, וועלכער איז געלאפען פאר דעם אמט. קענעדי איז דורכגעפאלען מיט בלויז זעכציג טויזענט שטימען, וועלכע ער וואלט אן ספק געקראגען ווען די א. פ. או ל. וואלט ניט אינדארסירט זיין געגנער און אים באקעמפט.

### קאמפאני יוניאנס הויבען אויף די קעפ

קלענערע צוזאמענשטויסען צווישען יוניאנס פון דער א. פ. או ל. און דער סי. אי. א זיינען פארגעקומען מערערע דורך דעם גאנצען מאנאט. אין איין פאל, אין דולוט, מינעסאטא, וואו די צייטונגס־שרייבער זיינען אין סטרייק געגען דער „העראלד ניוס טריביון", האבען די שריפטזעצער און דרוקער, מיטגלידער פון דער א. פ. או ל., זיך דורכגעריסען דורך די פיקעט ליינס מיט דער הילף פון דער פאליציי, וועלכע האט אטאקירט די סטרייקער מיט טרערען גאז־באמבעס. אזא האלטונג וואלט, דוכט זיך ניט מעגליך געווען ווען ניט דער ברודער־קאמף.

דאס ערגסטע אבער אין דער לאגע איז דאס, וואס די קאמפאני יוניאנס, זיך באנוצענדיג מיט דער רייסעריי אין די יוניאנס, האבען לעצטענס גאר שטארק אויפגעהויבען דעם קאפ און ווערען אן אמת'ע געפאר פאר די ארבייטער. דער פאל מיט דער עדיסן עלעקטריק קאמפאני פון ניו יארק באווייזט עס אמקלארסטען. ווי באוואוסט, האט די עלעקטריקאל ענד ריידיא ווארקערס יוניאן פון דער סי. אי. א. גענומען ארגאניזירען די ארבייטער פון דער קאמפאני מיט באדייטענדען ערפאלג. צו פארהיטען אז זיי זאלען ניט דארפען האנדלען מיט דער ראדיקאלער יוניאן, האט די קאמפאני אין איילעניש געשלאסען אן אגרימענט מיט דער בראדערהוד או עלעקטריקאל ווארקערס פון דער א. פ. או ל., און האט זיי געגעבען א קלאוזד שאפ. דאס הייסט, אז יעדער ארבייטער מוז זיך אנשליסען אן דער יוניאן. די סי. אי. א. יוניאן האט פראטעסטירט און די לעיבאר ריליישאנס באארד האט, נאך אן אונטערזוכונג, באפוילען דער קאמפאני צו ברעכען דעם אגרימענט, ווייל לויט דעם וואגנער געזעץ טאר אן ארבייטס־געבער ניט ארויפצווינגען א באשטימטע יוניאן אויף די ארבייטער געגען זייער ווילען. איצט האט זיך אריינגעמישט די אלטע קאמפאני יוניאן און פאדערט אן אינדזשאנקשאן כלומרשט געגען דער קאמפאני, אז זי זאל ניט טארען אנערקענען די בראדערהוד אדער מיט איר פארהאנדלען וועגען די באדינגונגען. עס לייגט זיך אויפ'ן שכל אז די קאמפאני יוניאן איז דא בלויז א מאסקע פון טראסט פטור צו ווערען פון ביידע יוניאנס.

א גרופע קאמפאני יוניאנס, וועלכע האבען די חוצפה צו זעגלען אונטער'ן נאמען „אונאפהענגיגע יוניאנס, האבען זיך געווענדעט צום קאנגרעס, אז מען זאל אפשאפען די נעשאנעל לייבאר ריליישאנס באארד און אמענדירען דעם וואגנער געזעץ צו פארבאטען סטרייקס פאר העכערע שכירות און מאכען אנדערע ענדערונגען צו איינצאמען די יוניאנס.

וואס פאר א „יוניאנס" דאס זיינען, איז גענוג צו דערמאנען אז זיי פארטרעטען די סטרייק־ברעכער פון רעמינגטאן רענד, די רעפאבליק סטיל, די דזשאנס ענד לעפלין קארפארישאן, וועלכע האט געבראכען לעצטעס יאר א סטרייק פון אירע ארבייטער און נאך אזוינע צאצקעדיגע יוניאנס. דער פאקט אבער, אז דער פארבאנד פון סטרייק ברעכער און פארקויפטע נשמות וואגט אויפצוטרעטען אין דער עפענטליכקייט אלס כלומרשטע יוניאן, איז גענוג צו באווייזן דעם חורבן וואס דער ברודער־קאמף אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג פאראורזאכט.

אין קיוואני, איל., האט א גרופע שלעגער פון א קאמפאני יוניאן, מיט דער הילף פון פאליציי, געמאכט א בלוט־באד אויף סטרייקער פון דער אייזען און שטאל ארבייטער יוניאן נעבען דער פעקטארי פון דער וואולוואירט פייפ־פיטינג קאמפאני. צוואנציג פיקעטס זיינען פארוואונדעט געווארען, זעקס פון זיי שווער פארוואונדעט. די פירמע האט אויך געשלאסען א קאנטראקט אויף קלאוזד שאפ מיט דער קאמפאני יוניאן.

### סטרייקס און געווינסען פון יוניאנס דורך דעם מאנאט

דער ניו יארקער פאריער ארבייטער סטרייק איז דעם מאנאט געסעטעלט געווארען. ווען די שורות ווערען געשריבען, ווערען געהאלטען מאס־מיטינגען פון די סטרייקער אין צוויי האלס צו דיסקוטירען און גוטהייסען דעם אגרימענט וואס די פירער פון דער יוניאן האבען דערגרייכט מיט די פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן.

די ארבייטער האבען געהאט א באדייטענדען זיג, ספעציעל ווען מען נעמט אין אנבאטראכט אז עס זיינען געווען די בעלי בתים וועלכע האבען געמאכט א לאק־אוט און די יוניאן האט געענטפערט מיט א גענעראל סטרייק ערשט וואכען שפעטער. די ארבייטער האבען געוואונען גלייכע צעטיילונג פון דער ארבייט פאר אכט מאנאטען א יאר, אנשטאט די ביז איצטיגע זעקס מאנאטען. די ארבייט וועט דארפען גלייך געטיילט ווערען פון דעם ערשטען מאי ביז די לעצטע וואך אין דעצעמבער. די שכירות זיינען געהעכערט געווארען מיט אומגעפער פיר פראצענט גלייך און נאך פיר פראצענט אין יאר 1939. די צאל בעלי בתים וואס מעגען ארבייטען און די שטונדען וואס זיי מעגען ארבייטען, ווערט באגרעניצט. דעם ערשטען יאר וועלען צוויי בעלי בתים מעגען ארבייטען און אין 1939 וועט בלויז איין באס מעגען ארבייטען אין א שאפ. די יולי רעיזעס ווערען אנערקענט קאלעקטיוו און וועלען אנטרעפען צען פראצענט.

דעם ערשטען אפיציעלען אגרימענט פון אויטאמאביל דעזיינערס און אינזשינירען מיט אונטערנעמער, האט דעם מאנאט געוואונען די פעדעריישאן או ארכיטעקטס, קעמיסטס ענד טעכנישענס פון דער סי. אי. א., ווען די בריגס באדי קא., וועלכע פראדוצירט אויטאמאביל באדיס פאר פארד, האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט לאקאל 201 פון דער יוניאן.

די מינימום שכירות, לויט דעם קאנטראקט, זיינען פון 275 דאלאר ביז 400 דאלאר א מאנאט פאר דעזיינערס און פון $1.20 ביז $1.60 א שטונדע פאר טול און דאי מייקערס. די יוניאן האנדעלט איצט אונטער וועגען אן אגרימענט מיט די פאקארד קאמפאני.

די ראבער ארבייטער פון די זעקס פאבריקען פון דער גודריטש קא, פון עקראן, אהייא, זיינען ארונטער אין סטרייק איבער דעם וואס די פירמע האט אפגעלייגט פון דער ארבייט 25 ארבייטער, וועלכע האבען, לויט די סעניארטי־רעכט, ניט געטארט אפגעלייגט ווערען. נאך 6 טעג סטרייקען איז דער סכסוך געשליכטעט געווארען. דעם זעלבען טאג זיינען ארונטער אין סטרייק די ארבייטער פון דער „גודריטש קאמפאני". די פאליציי און קאמפאני גארדס האבען געמאכט א בלוט־באד אויף די פיקעטס.

די פילקא ראדיא קארפארישאן פון פילאדעלפיע, וועלכע באשעפטיגט ארום 12,000 ארבייטער, האט דעם מאנאט געשלאסען די פאבריק און ארויסגעווארפען די ארבייטער אין גאס. ווי דער פרעזידענט פון לאקאל, עדווארד מאריס, גיט איבער, וועלען זיבען טויזענד פון די אנגעשלאסענע ארבייטער מוזען גלייך אנקומען צו רעליף. דער לאק־אוט איז געמאכט געווארן דערפאר וואס די ארבייטער האבען זיך ענטזאגט אנצונעמען א לוין־שניט אויף 18 פראצענט. קאנפערענצען צווישען דער יוניאן און די קאמפאני פאר צוויי מאנאטען צייט האט זיי ניט געבראכט צו אן אויסגלייך.

ביים באנייען דעם אגרימענט מיט די דזשאקארד מילען אין פעטערסאן, האט די טעקסטיל ווארקערס ארגא־

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.



ער חודש מאי איז געוויינליך דער חודש פון קאנווענשאנס און צוזאמענפארען אין דער אמעריקאנער טרייד־יוניאן באוועגונג. דאס יאר איז עס ניט געווען קיין אויסנאם. עס זיינען פארגעקומען לעצטען מאנאט עטליכע אינטערנעשאנעל קאנווענשאנס. צוויי פון זיי אין די צו אונז פארוואנדטע נאדעל טרייד יוניאנס. די קאנווענשאן פון דער אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס יוניאן אין אטלאנטיק סיטי און די קאנווענשאן פון דער ניי־געטשארטערטער פון דער אמעריקען פעדעריישאן או לייבאר „אינטערנעשאנעל פענסי לעדער גודס ווארקערס יוניאן", די אמאלגע פאקעטבוך ארבייטער יוניאן. איז עס נאטירליך, אז די אונז נאענטע יוניאנס זאלען אין דעם איבערזיכט היינטיגען מאנאט פארנעמען דעם ערשטען פלאץ.

### די אמאלגאמייטעד קאנווענשאן

מיר ריידען צוערשט וועגען דער אמאלגאמייטעד קאנווענשאן, ערשטענס דערפאר וואס זי איז די גרעסטע פון די יוניאנס וואס האבן אפגעהאלטן קאנווענשאנס דורך דעם לעצטען מאנאט; צווייטענס, דערפאר וואס די יוניאן און דער פאך־ארבייט אונטער איר יוריסדיקציע איז באזונדערס נאענט צו אונזער אינטערנעשאנעל און צו די ארבייטער אין אונזער טרייד; און דריטענס, ווייל ביי דער אמאלגאמייטעד קאנווענשאן זיינען אויפגענומען געווארען זייער ווייניג ענגע אינדוסטריעלע פראגן וואס האבן בלויז א שייכות מיט דער מענער קליידער אינדוסטריע און מיט די עטליכע אנדערע טריידס וואס שטעהען איצט אונטער דער יוריסדיקציע פון דער אמאלגאמייטעד. עס איז ביי דער קאנווענשאן אפגעגעבען געווארען מער צייט און אויפמערקזאמקייט צו אלגעמיינע ארבייטער און טרייד־יוניאן פראגען וועלכע זיינען נוגע און רירען אן יעדע ארבייטער ארגאניזאציע.

לויט דעם באריכט פון פרעזידענט הילמאן איז די אמאלגאמייטעד שטארק אויסגעוואקסען דורך די פארגאנגענע צוויי יאר. זי האט צוגעקראגען ארום 75 טויזענט נייע מיטגלידער און ציילט שוין איצט א מיטגלידערשאפט פון 225,000 אין אירע רייען. די גרעסטע צאל פון די צוגעקומענע מיטגלידער זיינען ניט דירעקט פון דער מענער קליידער אינדוסטריע, נאר פון די אנדערע פאכען וועלכע האבען זיך דורך דער צייט אנגעשלאסען אן דער אמאלגאמייטעד, ווי די לאנדרי ארבייטער, קלינער און דאיערס, גלאוו מאכער און אנדערע קלענערע טריידס. א באדייטענדען צוואוקס האט די אמאלגאמייטעד אויך געהאט פון די ארבייט־קליידער פירמעס וואס זי האט דורך דער צייט ארגאניזירט און וועלכע זי האט פריהער ניט געקענט ארייננעמען צוליב דעם אפמאך מיט דער יונייטעד גארמענט ווארקערס וואס זי האט געשלאסען אידער זי איז אריינגענומען געווארען אין דער אמעריקען פעדעריישאן או לייבאר. איצט, ווען די אמאלגאמייטעד איז ווידער אויסגעשלאסען געווארען פון דער פעדעריישאן, צוזאמען מיט די אנדערע סי. אי. א. יוניאנס, פילט זי זיך מער ניט געבונדען דורך דעם אפמאך און זי ארגאניזירט וואו מעגליך די ארבייטס־קליידער שעפער.

פון די אינדוסטריעלע דערגרייכונגען פון דער אמאלגאמייטעד דורך דער לעצטער צייט, דארף אלס וויכטיגסטער באצייכענט ווערען דער נאציאנאלער אגרימענט פאר דער גאנצער מענער קליידער אינדוסטריע, וואס די אמאלגאמייטעד האט געשלאסען לעצטעס יאר צום ערשטען מאל. דאס שאפט אפ ביז א געוויסען גראד די קאנקורענץ פון איין מארקעט געגען צווייטען אויפ'ן חשבון פון די ארבייטער קאסטען.

אבער, ווי געזאגט, האט די קאנווענשאן פארהאנדעלט זייער ווייניג טרייד־פראגען. זיכער זיינען אריינגעקומען געניג רעזאלוציעס וועגען פארשידענע טרייד־פראבלעמען. אבער די זיינען ביי דער קאנווענשאן ניט דיסקוטירט געווארען. די אלע פראגען זיינען איבערגעגעבען געווארען צו דער אריינקומענדער גענעראל עקזעקוטיוו באארד.

די וויכטיגסטע אלגעמיינע פראגע וואס איז אויפגענומען געווארען ביי דער קאנווענשאן, איז געווען די פראגע פון דער סי. אי. א. ניט נאר האבען וועגען דער פראגע גערעדט די פירער פון דער אמאלגאמייטעד און מאנכע דעלעגאטען, נאר אויך די געלאדענע רעדנער האבען זיך מערסטענס אפגעשטעלט אויף דער פראגע. און דער טאן, מיט ווייניגע אויסנאמען, איז דורכאויס געווען א פרידליכער.

נאטירליך, האט יעדער רעדנער געהאט אן אנדער גראד פרידליכקייט. געווען צווישען זיי אזוינע ווי דער רעדאקטאר פון „פארווערטס", גענאסע קאהאן, וועלכער האט אפעלירט פאר פרידען אין דער ארבייטער באוועגונג אונטער אלע אומשטענדען; געווען אזוינע, ווי פרעזידענט דובינסקי, וועלכער האט זיך ארויסגעזאגט פאר פרידען, ווייל די וויכטיגסטע באדינגונגען צוליב וועלכע די סי. אי. א. איז צום לעבען געקומען, זיינען שוין פאקטיש געווארען, ווייל די א. פ. או ל. האט נאך ביי די לעצטע קאנפערענצען צוגעשטימט צו אינדוסטריעלע יוניאנס אין די מאסען פראדוקציע אינדוסטריען און צום ארגאניזירען די ניט ארגאניזירטע ארבייטער; געווען אויך אזוינע, און פרעזידענט הילמאן צווישען זיי, וואס האבען אויסגעדריקט דעם וואונש און די האפנונג אז פרידען זאל און וועט געשלאסען ווערען אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג, האבען אבער געשטעלט געוויסע תנאים אונטער וועלכע באדינגונגען פרידען קען געשלאסען ווערען; תנאים, ווי למשל, אז די פעדעריישאן זאל קודם כל ארייננעמען אלע יוניאנס פון דער סי. אי. א., אויך אזוינע וועלכע זיינען פאקטיש אפאזיציאנס יוניאנס צו עקזיסטירענדע פעדעריישאן יוניאנס, נאך אידער מען גלייכט אויס די יוריסדיקציע קאנפליקטען צווישען זיי, — א באדינגונג וועלכע קען, דוכט זיך, באין אופן ניט אנגענומען ווערען פון דער פעדעריישאן. אבער אפילו די רעדעס פון די לעצטע זיינען אויך געווען פיל מילדער אין טאן ווי מען פלעגט עס הערען פריהער. און דאס אליין איז שוין אויך א פארבעסערונג.

ביי דער אמאלגאמייטעד קאנווענשאן איז ניט געווען דער איינציגער פלאץ וואו מען האט גערעדט וועגען מאכען א סוף פון דעם ברודער־קריג אין דער אמעריקאנער טרייד־יוניאן באוועגונג. דורך דעם מאנאט האט זיך די פרידענס־שטימע געלאזט הערען אין פארשידענע ווינקלען און ביי פארשידענע געלעגענהייטען. עס האבען אויך ניט געפעלט קיין קריגס־געשרייען און, וואס איז נאך ערגער, קריגערישע מעשים און האנדלונגען. איבער דעם וועט אונז נאך אבער אויסקומען צו רעדען שפעטער אביסעל. דערווייל האלטען מיר ביי די קאנווענשאנס.

### די קאנווענשאן פון דער פענסי לעדער גודס ארבייטער אינטערנעשאנעל.

די קאנווענשאן פון דער יונגער פענסי לעדער גודס ארבייטער אינטערנעשאנעל, איז געווען פונקט דער היפך פון דער אמאלגאמייטעד קאנווענשאן. פונקט ווי ביי דער אמאלגאמייטעד איז געווען אלעס פרידליך, איינהייטליך און איינפארשטאנען, אזוי אז עס איז אפילו קיין דיסקוסיע ניט פארגעקומען איבער קיין פראגע, פונקט אזוי איז ביי די פענסי לעדער גודס ארבייטער געווען א קריגערישע קאנווענשאן. ניט נאר האט מען זיך געקריגט, נאר טאקע פשוט געשלאגען, אזש בלוט האט זיך געגאסען.

און דער קאמף דארטען האט זיך חלילה ניט אנגעהויבען צוליב שארפע מיינונגס־פארשידענהייטען איבער טרייד־פראגען. ניין, דער קאמף, וועלכער האט זיך אין יענער יוניאן אנגעהויבען נאך עטליכע וואכען פאר דער קאנווענשאן, איז געווען איבער פארטיי פאליטישע און גרופען אינטערעסען, וועלכע האבען מיט די טרייד־פראגען פון דער יוניאן גאר א קנאפען שייכות. די געשיכטע איז געווען אזא:

די פאקעטבוק מאכער יוניאן, ווי אלע אנדערע יוניאנס, דורך די לעצטע עטליכע יאר, איז געבענשט מיט אלערליי גרופען, יעדע פון וועלכע וואלט וועלען האבען די גאנצע דעה און דעם גאנצען איינפלוס אין דער ארגאניזאציע. פאראן דארטען צוויי פאליטישע גרופען: א סאציאליסטישע גרופע אונטער'ן נאמען „פראגרעסיווע", און א קאמוניסטישע גרופע, וועלכע רופט זיך געוויינליך „רענק און פייל". פאראן דארטען אויך צוויי גרופען, וועלכע האבען ניט קיין פאליטישען קאליר, נאר זיינען פאראייניגט בלויז פאר יוניאן איינפלוס און מאכט. איינע פון די לעצטע צוויי גרופען איז א וואלינסקי גרופע, דאס הייסט, א גרופע וואס האלט אז דער געוועזענער מענעדזשער פון דער יוניאן, אסיפ וואלינסקי, דארף צוריקגעבראכט ווערען אין דער פירערשאפט.

אין 1934, ווען דער פאקעטבוק טרייד איז געווען אזוי שטארק אויף צרות ווי אלע אנדערע טריידס, און די ארבייטער האבען זייער שטארק געליטען, האט זיך אויפגעהויבען א באוועגונג וואלינסקי'ן צוריקצוברענגען אין דער יוניאן. וואלינסקי האט אבער אמאל רעזיגנירט פון דער פאקעטבוק מאכער יוניאן אונטער א שאטען פון באשולדיגונגען, וועלכע זיינען באשטעטיגט געווארען פון א קאמיטע פון דער ארבייטער באוועגונג, אז ער האט זיך ניט אויפגעפירט ווי עס פאסט פאר אן ארבייטער פארשטעהער. אום צו פארהיטען אז מען זאל אים ניט צוריקברענגען, האבען זיך פאראייניגט דריי גרופען, די סאציאליסטען, די קאמוניסטען און די אומפארטייאישע, און האבען געשאפען א פאראייניגטע אדמיניסטראציע. דיזע אדמיניסטראציע האט אנגעפירט די יוניאן פאר די לעצטע פיר יאר.

קיין אמת'ע איינינקייט איז אבער צווישען די דריי גרופען קיין מאל ניט געווען. הינטען ארום האט איין גרופע אינטריגירט געגען דער אנדערער און געזוכט צו פארכאפען פאר זיך וואס וויכטיגערע פאזיציעס אין דער אנפירערשאפט און וואס מער איינפלוס. די יוניאן איז דערווייל אביסעל צו זיך געקומען, האט געקראגען א טשארטער אלס זעלבסטשטענדיגע אינטערנעשאנעל, האט ארגאניזירט א צאל לאקאלען אין אנדערע שטעט, די לאגעדזש ארבייטער האבען זיך אן איר אנגעשלאסען און עס איז געווארען א יוניאן מיט ארום 15,000 מיטגלידער. מיט דעם וואוקס פון דער יוניאן איז געוואקסען דער אפעטיט פון די גרופען און די אינטריגעס האבען זיך פארשארפט.

דערווייל איז אנגעקומען ערב קאנווענשאן און די גרופען האבען זיך גענומען גרייטען צו האבען וואס מער דעלעגאטען און איינפלוס ביי דער קאנווענשאן. די סאציאליסטישע גרופע האט דאן הינטען ארום געזוכט צו פאראייניגען זיך מיט די אנדערע צוויי ניט־פאליטישע גרופען, אום ארויסצושטויסען די קאמוניסטען. די קאמוניסטישע גרופע האט דאן, פאר'ן פרייז פון העלפען צוריקברענגען וואלינסקי'ן אלס פירער פון דער יוניאן, איבערגעוואונען די צוויי ניט־פאליטישע גרופעס פון די סאציאליסטען און ביי א פארזאמלונג פון די מיטגלידער האבען זיי עס אויך דורכגעפירט. וואלינסקי איז אנגעשטעלט געווארען אלס ליגעל אדוויזער, איז אריינגענומען געווארען אלס עהרען־מיטגליד אין דער יוניאן און עס זיינען געמאכט געווארען אלע צוגרייטונגען צו ערוויילען אים אלס פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל ביי דער קומענדער קאנווענשאן.

ערשט איצט האט זיך אנגעהויבען א ריכטיגע מלחמה. די גענעראל עקזעקוטיווע, וואו דער ניו יארקער לאקאל האט געהאט א מערהייט, האט געזוכט צו געבען דעם ניו יארקער לאקאל מער דעלעגאטען ווי עס האט אים געקומט לויט דער קאנסטיטוציע. דער פרעזידענט ווידער, א. לעדערמאן, האט דוקא געוואלט אז די לאגעדזש ארבייטער, וואו דער איינפלוס פון די סאציאליסטען איז שטארקער, זאל האבען מער דעלעגאטען. דאס האט געבראכט צו א שפאלטונג אין דער עקזעקוטיווע נאך אידער די קאנווענשאן האט זיך געעפענט. צו דער קאנווענשאן זיינען געקומען צוויי סעטס דעלעגאטען, יעדע פון וועלכע האט באהויפטעט צו זיין די ריכטיגע און געזעצליכע. די קאליציע פון די ניו יארקער גרופען האבען פארכאפט דעם קאנווענשאן זאל אין סענטער האטעל און האבען זיך אנטזאגט אריינצולאזען די אנדערע ביז זיי וועלען פריהער ערשיינען פאר דער קרעדענשעל קאמיטע, וועלכע איז באשטימט געווארען פון דער עקזעקוטיווע. דאס האבען זיך די געגנער אנטזאגט צו טאן און עס איז אויסגעבראכען א געשלעג, וואו עטליכע דעלעגאטען זיינען צובלוטיגט געווארען. די ניט־אריינגעלאזענע דעלעגאטען, אונטער דעם איינפלוס פון די סאציאליסטען, האבען געעפענט א באזונדער קאנווענשאן אין אן אנדער פלאץ.

פאר א ווײַלע האט עס אויסגעזען אז די יוניאן וועט געשפאלטען ווערען. עס האט זיך אבער אריינגעמישט די אמעריקען פעדעריישאן או לייבאר און מיט דער הילף פון פרעזידענט זאריצקי, פון דער העטערס און מילינערי יוניאן, איז עס געלונגען צו מאכען שלום.

ווי לאנג דער פרידען וועט אנהאלטען איז שווער צו זאגען. די לאגע איצטער אין דער פענסי לעדער גודס אינטערנעשאנעל איז מער ענליך אויף א וואפען־שטילשטאנד ווי אויף אמת'ער איינינקייט. ווי זאגט מען אבער, א חיה שעה איז אויך גוט. אלץ בעסער ווי ווען עס וואלט איצט געווען צוויי יוניאנס אין טרייד, וועלכע באקעמפען זיך געגענזייטיג. ספעציעל נאך ווען דער אגרימענט אין ניו יארק דארף באנייט ווערען און עס זיינען פאראן אזוי פיל אנגעווייטיגסטע פראבלעמען צו לייזען.

פארשטייט זיך, אז באמת אויפנעמען טרייד־פראגען איז שוין ביי דער קאנווענשאן קיין מעגליכקייט ניט געווען און מען האט עס געמוזט איבערלאזען צו דער ניי־ערוויי־

תויז, און טראָגען די שווערע געז אייזענס אַהין און צוריק, וואָס דאָס האָט געווירקט שעדליך אויף זייער פיזישען צושטאַנד.

די פרעסער וועלכע האָבען געהאַט דעם גליק צו אַרבייטען אין די אינסייד שעפער האָט אויך קיין צרות ניט געפעלט, אָבער אין פאַרגלייך מיט די פרעסערס אין די אויטסייד שעפער איז שוין דער אינסייד געווען דער גן־עדן. אין יענע שעפער האָבען די פרעסערס ניט געדאַרפט מער מאַכען דאָס פייער פלאַץ און האָבען אויך ניט געדאַרפט מער שלעפען די עלעוויטאָרס מיט דער אַרבייט פינף און זעקס פלאָרס ווי עס איז געווען אין די אויטסייד שעפער.

געוויס, די אַרבייט, און אויך די אַלגעמיינע באַדינגונגען אין דעם אינסייד שאַפ זיינען, אין פאַרגלייך מיט די אויטסייד שעפער, געווען בעסערע. פאַר די בעסערע באַדינגונגען איז ניט געקומען דער קרעדיט דעם העד־פרעסער. דאָס איז געווען די אַרבייט פאָליסי פון דעם אינסייד הויז גופא. זיכער, דער העד־פרעסער אין די אינסייד הייזער האָט אויסגעקוקט מער סטאַטעטשנע אָבער ער איז געווען דער זעלבער פאַסקודניאַק ווי דער העד־פרעסער אין די אויטסייד שעפער.

ניט אַלע איבלען וואָס האָבען געהערשט אין פרעסער טרייד האָט דער היסטאָרישער גענעראַל סטרייק אָפגעשאַפט גלייך אויפ'ן שטעל, און אויך ניט אַ צייט נאָכדעם ווי דער סטרייק איז געוואונען געוואָרען און דער לאָקאַל האָט אָנגעפאַנגען צו ווירקען. אויסצורעכענען אַלע אָפגעשאַפטע איבלען, און די פאַרבעסערונגען וואָס דער לאָקאַל האָט אויסגעקעמפט דורך דער צייט פון זיין עקזיסטענץ, איז ניט מעגליך אין אַ צייטונגס־אַרטיקעל צוליב דעם באַשרענקטען פלאַץ. איך וועל דאַרום זיך באַנוגענען מיט בלויז אָנווייזען אויף ווי ווייט לאָקאַל 35 איז געווען אַ קאָנסטרוקטיווער כח, ניט נאָר אין זיינע אייגענע רייען, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער יוניאָן.

---

אין אַלע סטרייקס פון דעם קלאָוק טרייד האָט דער לאָקאַל אימער פאַרנומען די געפערליכסטע פאָזיציעס. די פרעסערס זיינען געווען, וואָס מען רופט אויף דער מיליטערישער שפראַך, די „שאָק טרופען”. די העלדישקייט און איבערגעבענהייט וואָס די פרעסערס האָבען אַרויסגעוויזען אין 1910 גענעראַל סטרייק האָבען זיי אַרויסגעוויזען אין אַלע איבעריגע סטרייקס. צענדליגער מעמבערס אין אונזער לאָקאַל טראָגען נאָך היינט די סימנים פון דעם לאָק־אוט פון 1916. יעדע סקעב פעסטונג האָבען די פרעסערס געבראָכען אין יענעם לאָק־אוט.

דער לאָקאַל איז געווען דער טעטיגסטער און ווירקזאַמסטער אין דעם קאַמף פון דער יוניאָן געגען דעם טרויעריג־באַרימטען סולקעס מיט זיין סקעב איידזשענסי. עס איז געווען סולקעס וועלכער, זייענדיג געשטיצט פון געוויסע מאַנופעקטשורערס, האָט פאַבריצירט דעם באַרימטען מאָרד־בלבול געגען זיבען פון אונזערע מענשען צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען דער פאַרשטאָרבענער מאָריס זיגמאַן, וועלכער איז אין יענער צייט געווען דער מענעדזשער פון לאָקאַל 35, און איז מיט יאָרען שפעטער געוואָרען דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנעל. אין דעם קאַמף געגען דער סקעב איידזשענסי האָבען פילע קלאָוק פרעסערס פאַרגאָסען זייער בלוט.

ווען איך דערמאָן זיך אָן יענער צייט זעה איך סולקעס'ן אין זיין פולען העסליכען געשטאַלט מיט זיינע גרויסע פאַר'שיכור'טע אויגען. עס שטעהען אויך פאַר מיינע אויגען צוויי סקעב אַדיוטאַנטען, שליסעל און לעווין, ביידע, עס זאָל קיין שאַנדע ניט זיין, קלאָוק פרעסערס. ווען איך דערמאָן זיך אָן די דאָזיגע נפשות, זעה איך אויך גלייכצייטיג ווי צוויי קרבנות, מאַקס קאָווענסקי, פון לאָקאַל 9, און העררי סלוצקי, פון לאָקאַל 35, וועלכער פאַרנעמט היינט אַ זעהר וויכטיגע פאָזיציע אין דער יוניאָן, ווערען געבראַכט אין דעם אָפיס פון דזשאָינט באָארד צושניטענע, און די מתנה האָבען זיי געקראָגען פון די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון דער דעמאָלטדיגער סולקעס סקעב איידזשענסי, ביי אַ סטרייק פון אַ סקוירט מאַנופעקטשורער מיט דעם נאָמען בלאָק.

---

ווי איך האָב שוין געזאָגט אויף אַן אַנדער פלאַץ, האָב איך זיך ניט אונטערגענומען צו שרייבען די געשיכטע פון דעם לאָקאַל, נאָר איך שרייב דאָס וואָס מיין זכרון דינט מיר. דאַרום וויל איך ניט באַרירען די פאָליסי וואָס דער לאָקאַל האָט אָנגענומען צו באַקעמפען די פרעסינג מאַשין, איך וויל בלויז אָנווייזען ווי אַזוי די פרעסערס האָבען זיך באַציגען צו דער פראַגע.

דער לאָקאַל האָט אין יענע יאָרען געהאַט אַ סיסטעם פון אָפהאַלטען אַ רייהע סעקשאָן מיטינגען יעדע צוויי וואָכען, אין די געגענדען וואו די פרעסערס האָבען געוואוינט. אויף יעדען פון די דאָזיגע מיטינגען איז די פראַגע וועגען דער פרעסינג מאַשין געווען אויפ'ן טאָג־אָרדנונג. אַז מען האָט גערעדט וועגען דער פראָבלעם פון פייער און וואַסער איז דאָך אַ זעלבסט פאַרשטענדליכע זאַך. אָך און וועה איז געווען דעם רעדנער וואָס האָט בלויז געוואָגט צו זאָגען אַז די מאַשין וועט מען פון דעם מאַרקעט ניט אַרויסטרייבען.

פון אַלע סעקשאָן מיטינגען איז דער בראָנזווילער געווען דער צאַצקעדיגסטער. די אידען פון יענעם סעקשאָן מיטינג זיינען אַלע געווען פעפערדיגע, אָבער די רעדעל פירער זיינען געווען מער ווי פעפערדיג. זייער מענה לשון איז געווען ווי אַ באַלזאַם אויף די געמיטער פון יענע פרעסערס אָבער פול מיט דינאַמיט געגען דעם לאָקאַל.

אַלע סעקשאָן מיטינגען אין ניו יאָרק זיינען אָפגעהאַלטען געוואָרען אין איין נאַכט, דורך דער וואָך, אָבער דער בראָנזווילער סעקשאָן האָט געמיט שבת נאַכט. אַזוי האָבען זיי געוואָלט. ווייל די אידען דאָרטען זיינען געווען פעפערדיגע, האָט דער לאָקאַל געזעהן דערצו, אַז צו זייערע מיטינגען זאָל פון צייט צו צייט זיין אַ פאַרטרעטער פון עקזעקוטיוו באָארד.

אַלס דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו באָארד בין איך איינמאָל אויפגעפאָדערט געוואָרען אַליין צו געהן צו דעם מיטינג. נאָך איידער איך האָב געהאַט די מעגליכקייט צו פאַרמאַכען די טיר פון דער צווייטער זייט, הער איך ווי איינער זאָגט: „ער איז דאָ! לאָמיר הערען וואָס האָט ער צו זאָגען וועגען דער פרעסינג מאַשין”, און איידער איך בין פאַרטיג געוואָרען הערט זיך שוין דער געשריי פון איינעם פון די רעדעל פירער: „וואָס איז ער געקומען געבען אַ לעקטשור? וואָס מיר שמאָגרעס, פראָגרעס! ברידער, מיר ליגען צען איילען טיף אין דער ערד, און מיר וועלען ליגען אַזוי לאַנג ווי לאָקאַל 35 וועט זיין אונזער פאַרזאָרגער!”

די פרעסערס פון יענעם סעקשאָן מיטינג זיינען גראָד ניט אַנגעריצט געוואָרען פון קיינע העד־פרעסערס, ווייל כמעט אַלע פון זיי האָבען געאַרבייט פון שטיק. זייער געגנערשאַפט צום לאָקאַל האָט זיך גענומען דערפון וואָס זיי האָבען געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל, 68, און אויף דעם פאַרלאַנג פון לאָקאַל 35 האָט מען זייער טשאַרטער אוועקגענומען.

כמעט אַלע רעקאָמענדאַציעס לטובת די פרעסערס וואָס לאָקאַל 35 האָט רעקאָמענדירט האָבען זיי צוריקגעוויזען און מיט אַ קנאַק. עס האָט דעם לאָקאַל גענומען אַ לאַנגע צייט און שווערע מיה צו איבערצייגען די בראָנזווילער פרעסערס אַז דורך איינגקייט אין דעם פרעסער פאַך וועלען זייערע באַדינגונגען אין די בראָנזווילער שעפער זיין געזיכערטע.

---

דער לאָקאַל פייערט ניט בלויז זיין אייגענעם עלטער, ער פייערט אויך די עלטער פון דעם רעליעף און קאָנסאָמפשאָן פאָנד. דער פאָנד ווערט 25 יאָר אַלט. ער איז היינט אַ טייל פון לאָקאַל. דער פאָנד, איידער ער איז געוואָרען אַן אָרגאַנישער טייל פון די מעמבערס, האָט ער באַגעגענט אַזוי פיל געגנערשאַפט אין וועג ווי דער לאָקאַל. פאַר די „פריינד” פון די פרעסערס איז געווען זעהר לייכט צו שאַפען געגנערשאַפט געגען דעם פאָנד ווען ער איז איינגעפירט געוואָרען.

ווען איך שרייב די ציילען קלינגען מיר נאָך אין די אויערען די רעדעס פון אַ צאָל פרעסערס און עס קלינגט מיר אויך די רעדע פון אַ העד־פרעסער (שוואַרץ דער אונגאַר) און דער הורא וואָס ער האָט געקראָגען, ווען ער האָט געזאָגט צו די פרעסערס: „אַ יוניאָן האָט איר שוין. איצט גיט מען אייך אַ קאָנסאָמפשאָן פאָנד און שפעטער וועט די יוניאָן געבען קרקע וואו אייך צו באַגראַבען”. אַזעלכע רעדעס האָבען געהאַט זייער ווירקונג אויף אַ זעהר גרויסע צאָל פרעסערס, וועלכע האָבען ניט פאַרשטאַנען אַז דער לאָקאַל האָט באַצוועקט מיט דעם פאָנד אויפצופאַסען אויף זייער געזונד.

די כחות פון דעם לאָקאַל, אויסער דעם וואָס זיי זיינען געווען קליין אין צאָל, זיינען זיי אויך ניט געווען רייף גענוג צו קענען איבערצייגען די מעמבערס אַז אויב יעמאַנד זוכט פאַר זיי קרקע איז עס די „חברה קדישה” וואָס די יוניאָן האָט אַרונטערגעוואָרפען פון איר גדולה.

די מעמבערס האָבען אָנגעפאַנגען צו פאַרשטעהן אַז דער פאָנד איז אין זייערע אינטערעסען נאָך דעם ווי זיי האָבען געהערט ביי די מיטינגען אַז עס זיינען דאָ מעמבערס מיט קראַנקע לונגען וועמען דער לאָקאַל האָט אַרויסגעשיקט אין אַ קאַנטרי פלאַץ און גיט זיי אויך מעדיצינישע הילף. זייער פסיכאָלאָגיע צו גונסטען דעם פאָנד האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען צו ענדערען ווען די געזונט געוואָרענע מעמבערס האָבען אָנגעפאַנגען צוריקקומען צו די מיטינגען מיט לויב געזאַנגען וואָס דער פאָנד האָט פאַר זיי אויפגעטאָן צוריקשטעלענדיג זיי אויף זייערע פיס אַז זיי זאָלען ווייטער קענען שפייזען זייערע פאַמיליעס.

לאָקאַל 35 איז געווען דער ערשטער אין אונזער אינטערנעשאַנעל וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם געזונט צושטאַנד פון זיינע מעמבערס און הויפטזעכליך מיט די וואָס האָבען געליטען פון דער פראָלעטאַרישער קראַנקהייט וועלכע איז אין יענע יאָהרען געווען שטאַרק פאַרשפרייט צווישען די אַרבייטער אין די אידישע טריידס.

צווישען די פרעסער איז די קראַנקהייט געווען פיל מער פאַרשפרייט, ווייל אויסער דעם וואָס זייער אַרבייט איז אַ גאַנץ שווערע, איז צו דעם פלאַץ וואו זיי זיינען געשטאַנען און געאַרבייט קיינמאָל ניט צוגעקומען קיין לופט און קיין זונענשיין.

---

איך האָב פריהער באַמערקט, אַז דער פאָנד איז היינט אַ טייל פון דעם לאָקאַל. ער איז שוין דאָס געווען אין 1916 אין דעם לאָק־אוט. דאַמאָלס האָט מען אים אוועקגעגעבען פאַר אַ דרינגענדער נויטווענדיגקייט אין דעם לאָקאוט אויף אַן אַפיעל פון דעם פאַרשטאָרבענעם מאָריס זיגמאַן (וועלכער איז דאַמאָלס אָפיציעל ניט געווען פאַרבונדען מיט דער יוניאָן) און בענדזשאַמין שלעזינגער, וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער פרעזידענט. איך געדענק די שטימונג וואָס האָט דאַמאָלס געהערשט אויף דעם ספעציעלען מיטינג פון דער עקזעקוטיוו באָארד. דער באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו באָארד אוועקצוגעבען די געלד איז געווען אַ געוואָגטער שריט ווייל, ערשטענס האָבען ניט אַלע מעמבערס געגלויבט אַז אַזאַ פאָנד איז אין גאַנצען נויטיג, און צווייטענס, זיינען די זאָגענאַנטע „פריינד” פון די פרעסערס נאָך געווען גאַנץ טעטיג געגען דעם פאָנד, און האָבען געקענט צוריק אויפלעבען זייער געגנערשאַפט. וואָס וואָלט געשעדיגט דעם פאָנד.

צי די אינטערנעשאַנעל האָט אַמאָל דאָס געלד צוריקגעגעבען, בין איך ניט באַקאַנט. איך ווייס בלויז אַז מען האָט דער אינטערנעשאַנעל דאָס געלד אוועקגעגעבען און יעדער דאָלער פון דעם פאָנד האָט פאַרזיכערט דעם ערפאָלגרייכען אויסגאַנג פון דעם לאַקאוט, וועלכער איז אין תמצית פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן ערשט קלאַסיגען גענעראַל סטרייק.

מיט דעם פאָנד איז אויך פאַרבונדען, אויב ניט דער געבורט פון דעם „יוניאָן העלטה צענטער”, איז ווייניגסטענס זיין ענטוויקלונג צו זיין איצטיגער גרויסקייט. לאָקאַל 35 איז ניט בלויז געווען די ערשטע קערפערשאַפט צו שפייזען דעם „יוניאָן העלטה צענטער”, נאָר ער איז אויך געווען דער טעטיגסטער צו האַלטען אַ וואַכענדע אויג אַז די אינסטיטוציע זאָל דינען די קראַנקגעוואָרענע פרעסערס ווי אַ מוטער דינט אַ קינד.

אין יענע יאָרען, אַזוי גוט ווי היינט, האָבען זיך געפונען גענוג אינסטיטוציעס וועלכע זיינען געווען גרייט צו העלפען קראַנקע אַרבייטער. אָבער זיי האָבען שוין דאַמאָלס ניט אַפעלירט צו אונזערע מענשען. צי מיט רעכט, צי מיט אומרעכט, האָבען אונזערע מענשען באַטראַכט די טשאַריטיס אַלס אַ פראָדוקט פון דער קאַפיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

די דאַמאָלסדיגע פירערשאַפט פון דעם לאָקאַל, פון וועלכער דער איצטיגער מענעדזשער, דזש. ברעסלאַו, איז געווען איינער, האָט אויך געקוקט מיט די זעלבע אויגען אויף די טשאַריטי אינסטיטוציעס ווי פילע פון אונזערע מעמבערס. אַ דאַנק דעם באַגריף האָבען די מענשען אונערמידליך געאַרבייט אַז אויסער דעם וואָס דער „יוניאָן העלטה צענטער” דאַרף זיין דאָס בעסטע פלאַץ פון מעדיצינישער הילף פאַר אונזערע מעמבערס, דאַרף ער אויך זיין העכסט דעמאָקראַטיש כדי זיי זאָלען קענען אונטערשיידען צווישען זייער אייגענער אינסטיטוציע און די אינסטיטוציעס וואָס ווערען אויפגעהאַלטען פון גוטהאַרציגע מענשען.

ווי ווייניג עס דינט מיר דער זכרון ווען איך רעד וועגען דעם „יוניאָן העלטה צענטער”, וועל איך ניט מאַכען קיין טעות ווען איך וועל זאָגען אַז דער פרעסער פאָנד איז געווען דער פיאָנער צו געבען דעם שוואונג פאַר דער אינסטיטוציע. נאָך היינטיגען טאָג, ווען אַזוי פיל לאָקאַלס, וועלכע זיינען צוויי און פיליכט דריי מאָל גרעסער פון דער קלאָוק פרעסערס יוניאָן זיינען פאַרבונדען מיט דעם „צענטער”, פאַרנעמט נאָך אַלץ דער לאָקאַל דעם זעלבען פלאַץ, וואָס ער האָט פאַרנומען אין די פיאָנערן צייטען פון דער אינסטיטוציע.

איך קאָן זאָגען און מיט שטאָלץ, אַז לאָקאַל 35 איז געווען די הייוועז פון דער אינסטיטוציע. ניט נאָר האָט ער געלייגט דעם גרונדשטיין פון דעם „צענטער”, נאָר ער האָט אויך געהאָלפען לייגען אַ ציגעל אויף אַ ציגעל פאַר

# 35 יאָהר קאַמף און פאָרטשריט

י קלאָוק פּרעסערס פייערען דעם 17טען דזשון די 35־יעריגע עלטער פון זייער רעליף און קאָנסאָמפּשאָן פאָנד, און די 25־יעריגע דינסט פון זייער מענעדזשער, דזש. ברעסלאָו. מיט דער פייערונג וועט זיך פרעהען אונזער אינטערנעשאָנאַל און יענער טייל פון דער אַרבייטער באַוועגונג וואו עס לעבט און ווירקט דער טרייד יוניאָניזם.

דער לאָקאַל, ווי אַלע אַנדערע יוניאָנס, האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע קינדער קראַנקהייטען, ביז ער האָט דערגרייכט די איצטיגע עלטער. איבער נאַכט איז ער ניט אויסגעוואַקסען, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די יוניאָנס וועלכע זיינען מיט איין מאָל גרויס געוואָרען דורך געשעהענישען: דורך די מלחמה יאָרען, אדער דורך דער נ. ר. א. דער לאָקאַל האָט געפּאַקט און געמאָזעלט ביז ער האָט געקראָגען זיין פּלאַץ אונטער דער זון. זיין לעבענסוועג איז געווען זעהר א שווערער. אויף דעם וועג צו זיין איצטיגען כוח האָט ער זיך אָנגעשלאָגען אָן פילע שטרויכלונגען.

ניט אַלע פּרעסערס האָבען זיך געוואָלט צוהערען צו דעם רוף פון זייערע פּיאָנערען צו אָרגאַניזירען זיך; א טייל צוליב זייער ניט־ענטוויקעלטען באַגריף וועגען דער נוצליכקייט פון א יוניאָן, און אַ טייל צוליב דעם וואָס זיי זיינען צוריקגעהאַלטען געוואָרען פון אָרגאַניזירען זיך פון די דאַמאַלסדיגע „העד־פּרעסערס“ וועמענס עקאָנאָמישע אינטערעסען עס זיינען געווען אַז עס זאָל הערשען וואָס מער הפקרות אין טרייד. די „העד־פּרעסערס“ זיינען געווען די גרעסטע פּראָוואָצירער און שנאה פאַרשפּרייטער צווישען די פּרעסערס געגען א יוניאָן, ווייל אַזוי האָבען געפאָדערט זייערע פּערזענליכע אינטערעסען. זיי האָבען געהאַט דעם באַוואוסטזיין אַז א יוניאָן וועט שטערען זייער „קעניגרייך“ און די פּרעסערס וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפען זייערע קאַפּריזען און קלעגליכע באַדינגונגען וועלען זיי אויפהערען דינען.

---

דער אויסגאַנג פון 1910 גענעראַל סטרייק האָט בלויז אָנגעפאַנגען ברעכען זייער קעניגרייך. ניט אַלע „העד־פּרעסערס“ האָבען באַלד געוואָלט אויפגעבען זייער ממשלה. א צאָל האָט געמאַכט שלום מיט דעם געדאַנק און זיך צוגעפּאַסט צו דעם נייעם געזעץ אין דעם פּרעסער טרייד, ווערענד א גרויסע צאָל פון זיי האָבען דעם קאָנטראַקט סיסטעם ניט געוואָלט אויפגעבען און אים אָנגעהאַלטען בשתיקה.

## (צום יובילעאום פון דער קלאָוק פּרעסערס יוניאָן לאָקאַל 35)

פון לואיס לאַנגער
סעקרעטאַר ניו יאָרק דזשאָינט באָארד קלאָוקמאַכער יוניאָן

איז פאַרשטענדליך אַז דער קאַמף פון דעם לאָקאַל געגען די „העד־פּרעסערס“ איז נאָך דעם גענעראַל סטרייק געוואָרען פיל שווערער ווי בעפאָר, ווייל פון דעם עפענטליכען קאָנטראַקט סיסטעם זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו א געהיימען שטיק־סיסטעם. דער לאָקאַל האָט אַלע אַזעלכע פאַרדעכטיגע „העד־פּרעסערס“ געהאַט אויפ'ן אויג, אָבער איז ניט געווען אימשטאַנד אויף זיי אַרויפצולייגען א האַנד, ווייל אין יענער צייט האָט די יוניאָן ניט געהאַט דעם אַפּאַראַט זיך צו קענען דערגרונטעווע'ען צו די אמת'ע פאַקטען. עס האָט דעם לאָקאַל גענומען צייט ביז עס איז אים געלונגען אויסצוואָרצלען דעם געהיימען שטיק אַרבייט סיסטעם. אין דעם קאַמף האָבען דער יוניאָן פיל געהאָלפען די פּרעסערס וועלכע האָבען געהאַט דעם חוש צו דערשפּירען צי זייער „העד־פּרעסער“ אַרבייט פון וואָך, ווי דאָס געזעץ האָט דעמאָלט געפאָדערט.

---

וואָרום האָבען די פּרעסער אַזוי העלדיש געקעמפט אין דעם 1910 גענעראַל סטרייק? ווייל דער יוניאָנ'ס ערשטע און הויפּט פאָדערונג איז געווען אַז דער קאָנטראַקט סיסטעם אין טרייד מוז אָפּגעשאַפט ווערען. אונטער דעם קאָנטראַקט סיסטעם איז דער „העד־פּרעסער“ געווען דער באַלעבאָס איבער'ן פּרעסער און ער — דער „העד־פּרעסער“ — האָט באַשטימט דעם פּרעסער'ס אַרבייטס־באַדינגונגען און זיינע שכירות. אָהן דעם „העד־פּרעסער“ האָט זיך געוועגדעט צי זאָל דער פּרעסער אַרבייטען און פאַר וואָס פאַר א שכירות. אויב איינער איז דעם „העד־פּרעסער“ ניט געפעלען, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלען אַרבייטען אפילו פאַר דעם „פּרייז“ וואָס ער אַליין האָט זיי אָנגעבאָטען.

ווייל דער פּרעסער איז געווען דאָס ווערקצייג פון דעם „העד־פּרעסער“, איז ער שוין אויך געווען אונטערוואָרפען אונטער די קאַפּריזען פון אַנדערע מענשען, ווי צום ביישפּיל, דער פאָרמאַן, דער דעזיינער, וועלכע פלעגען אַרבייטען מיט דעם העד־פּרעסער האַנד אין האַנד, ווי אויך א צאָל אַנדערע קאַפּריזנע מענשען, מיט וועמען זיי וואָלטען אין זייער אַמאָליגער היים זיך ניט געוואָלט זאָגאַר באַגעגענען. דער פּרעסער וואָס האָט פאַרמאָגט אַביסעל זעלבסט־רעספּעקט, האָט אים קיין צרות ניט געפעלט...

די אַלע אונטערדריקונגען וואָס די פּרעסערס זיינען זיך אויסגעשטאַנען פון די „העד־פּרעסערס“ פון איין זייט און די גראָבע באַהאַנדלונגען פון די זאָ־גענאַנטע „אַריסטאָקראַטען“ פון שאַפּ, פון דער צווייטער זייט, האָבען געמאַכט די פּרעסערס פאַר די העלדישסטע קעמפער אין דעם 1910 גענעראַל סטרייק. אין א זיגרייכען אויסגאַנג פון דעם סטרייק האָבען זיי געזעהן זייער ערלייזונג.

---

צו דער געלעגענהייט פון דעם 35־יעריגען יובילעאום פון מיין לאָקאַל האָב איך מיר ניט אונטערגענומען צו שרייבען זיין געשיכטע. דאָס לאָז איך איבער צו די, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי זיין וויגעלע. וואָס איך שרייב צו דער געלעגענהייט איז בלויז וואָס מיין אייגענער זכרון דינט מיר.

שרייבענדיג די ציילען זעה איך זיך אַליין אין די פאַרשידענע מאַרקעטס וואו די פּרעסערס זיינען געקויפט געוואָרען פון די „העד־פּרעסערס“. אָך און וועה איז געווען צו דעם פּרעסער וואָס האָט זיך ווען עס איז פאַרזינדיגט געגען איינעם פון זיי. איך נעם זיך אַליין אַלס א ביישפּיל.

די קאָנטראַקטאָרס — "העד־פּרעסערס" — פאַר וועלכע איך אַליין האָב געאַרבייט זיינען שוין כמעט אַלע אויף דעם עולם האמת. דערפאַר וויל איך ניט דערמאָנען זייערע נעמען. דאָך וויל איך איבערגעבען מיין אייגענע ערפאַרונג מיט איינעם, אַרבייטענדיג פאַר פעלדמאַן בראָדערס — דאַון טאַון אויף גרין און די 4טע סטריט. דער „העד־פּרעסער“ האָט געהאַט אַ טבע צו צאָלען זיינע פּרעסערס זייערע שכירות יעדען באַזונדער אין א ווינקעל. מיינע שכירות האָט ער תמיד אוועקגעלייגט אויף מיין פּרעס־באָארד — ביגל־באָארד — אונטער דעם הייסען פּרעס לאַפּען. האָב איך פון אים געפאָדערט אַז ווען ער צאָלט מיר זאָל ער מיר צאָלען אָפען, אַז אַלע פּרעסערס פון דעם שאַפּ זאָלען וויסען וויפיל איך קריג. קיין רעוואָלוציאָנער פון דער היים בין איך ניט געקומען, ווייל אין מיין שטעדטעל האָט מען דעם קלאַסען קאַמף דעמאָלט ניט געפּרעדיגט. דאָך האָב איך געפילט אַז זיין האַנדלונג איז ניט מער ווי אויסצונוצען איין פּרעסער געגען דעם אַנדערען. ווייל איך האָב דאָס ניט געוואָלט דולדען, דאָרום בין איך פון דעם פּלאַץ אוועקגעשיקט געוואָרען. אין מאַרקעטס — אין לודלאָו סטריט און סטענטאָן — דאָרטען האָט ער מיך אַזוי אַדווערטייזט, אַז קיין דזשאָב האָב איך די דעמאָלטדיגע וואָך ניט געקאָנט באַקומען. איך בין געצוואונגען געווען צו געהן אין דעם העכערען מאַרקעט — צענטע סטריט און בראָדוויי — און דאָרטען האָט מיך א „העד־פּרעסער“ געקויפט.

דער היסטאָרישער גענעראַל סטרייק האָט אַריינגעאָטעמט לעבען אין דעם לאָקאַל. ער האָט אָבער ניט פאַרניכטעט א ל ע איינגעפרעסענע איבלען פון וועלכע די פּרעסערס האָבען געליטען פאַר דעם סטרייק. איינער פון די פאַרבליבענע איבלען איז געווען דער איינגעפירטער סיסטעם אין געוויסע שעפּער אַז די פּרעסערס האָבען געמוזט קערען דעם שאַפּ. איינע אַזאַ ערפאַרונג האָב איך געהאַט ווען אין דעם יאָר 1913, ווען איך האָב געאַרבייט אין דעם שאַפּ פון ל. ב. וואָגעל. דאָרט האָבען די פּרעסערס געקערט יעדען פרי מאָרגען דעם שאַפּ. און איך האָב זיך ענטזאָגט דאָס צו טאָן. אום אָפּצושאַפען דעם דאָזיגען איבעל האָב איך פאַראורזאַכט א „סטאַפּעדזש“ פון דער אַרבייט, וואָס דאָס איז געווען פאַרבאָטען אונטער דעם „פּרידענס פּראָטאָקאָל“. דער „סטאַפּעדזש“ האָט זיך געענדיגט דערמיט וואָס איך האָב פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, אָבער די פּרעסערס זיינען ניט מער געווען געצוואונגען צו קערען דעם שאַפּ.

ניט נאָר זעה איך זיך אין דעם מאַרקעט, נאָר איך זעה אויך זיך, און הונדערטע אַנדערע פּרעסערס, אין די אויטסייד שעפּער וואו דער פּרעסער איז געווען געצוואונגען אַריינצוקומען אין שאַפּ „ווען גאָט אַליין איז נאָך געשלאָפען“ אום צו מאַכען דעם פייער־פּלייז, אַז ווען דער „העד־פּרעסער“ וועט קומען צו דער אַרבייט זאָל זיין אייזען שוין זיין וואַרעם. איך זעה אויך ווי די פּרעסערס זיינען געווען געצוואונגען אַרויפצושלעפּען די אַרבייט פינף און זעקס פלאָרס די הויך, פון צייט צו צייט, העלפען דעם באַנדל קאָנטראַקטאָר טראָגען די אַרבייט אין דער אינסייד

---

נייזינג קאָמיטע אָנגענומען א שניט אויף די שכירות פון די אַרבייטער וואָס טרעפט אָן 17 פּראָצענט. די בעלי בתים זיינען מלא שמחה.

אין וואָנסאָקעט זיינען 1500 פאַרבער אַרונטער אין סטרייק, ווען די בעלי בתים האָבען געמאַכט א פאַרזוך צו שניידען שכירות מיט צוועלף און א האַלב פּראָצענט. די אַרבייטער באַלאַנגען צו אַן אינדעפּענדענט יוניאָן.

די 6,000 אַרבייטער פון דער ביגעלאָו סטענפאָרד קאַרפּעט קאָמפּאַני זיינען אַרויס אין סטרייק אין א פאַרזוך ניט צו דערלאָזען א לוין־שניט פון 10 פּראָצענט אויף די שכירות, טראָץ דעם וואָס זיי האָבען אַן אַגרימענט מיט דער טעקסטיל אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ניט צו שניידען שכירות. די „טוואָק“ האָט די קאָמפּאַני פאַרקלאָגט פאַר דער לייבאָר ריליישאָנס באָאַרד.

די נעשאָנעל מעריטיים יוניאָן פון דער סי. אַי. אָ. האָט דעם מאָנאַט אָפּגעהאַלטען דעם וויכטיגסטען ערפאָלג זינט זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען, ווען זי האָט געקראָגען אַן אַגרימענט מיט א גרופּע שיף־אייגענטימער, וואָס באַשעפטיגט אַרום צען טויזענט אַרבייטער. דער אַגרימענט, וועלכער איז אונטערגעשריבען געוואָרען נאָך אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָבען זיך געצויגען פיר מאָנאַטען, גיט דער יוניאָן אויסשליסליכע פאַרהאַנדלונגס־רעכט פאַר די אַרבייטער; אַנערקענונג פון דער יוניאָן אויף אַלע שיפען, וואו די אַרבייטער האָבען געשטימט פאַר איר; פאָרצוג פאַר מיטגלידער פון דער מאַרין אַרבייטער יוניאָן ביים אָנשטעלען נייע הענט, און פילע אַנדערע פאַרבעסערונגען. שכירות בלייבען פאַרלויפיג די זעלבע, אָבער דאָס וועט אויפגענומען ווערען נאָך אַמאָל אין סעפּטעמבער.

### ערפאָלגען אין געריכט און ביי דער לייבאָר באָארד

אַ וויכטיגער זיג פאַר דער יוניאָן זיינען געווען דריי ענטשיידונגען וואָס דער יונייטעד סטייטס סופּרים קאָורט האָט אַרויסגעגעבען היינטיגען מאָנאַט.

דער העכסטער געריכט האָט צוריקגעוויזען דעם אַפּיל פון דער רעמינגטאָן רענד קאָ. געגען דעם באַפעל פון דער לייבאָר באָאַרד, אַז זי מוז צוריקנעמען צו דער אַרבייט די פיר טויזענט אַרבייטער וואָס זיינען אַרויסגעפאַלען צוליב דעם סטרייק וואָס זיי האָבען אָנגעפירט. דער באַפעל לויטעט, אַז די קאָמפּאַני מוז אָנטזאָגען די סטרייקברעכער וואָס זי האָט אָנגעשטעלט אויף זייערע פּלעצער. דאָס וויכטיגסטע אין דער ענטשיידונג פון סופּרים קאָורט איז דאָס וואָס עס וויזט צוריק די טענה פון די בעלי בתים אַז סטרייקער וואָס פירען זיך אויף אומגעזעצליך, פאַרלירען דאָס רעכט אויפ'ן פּלאַץ.

די צווייטע וויכטיגע ענטשיידונג איז געווען אין דעם פאַל פון דער „בלעק דיימאָנד קאָרפּאָריישאָן“, וועלכע האָט אַפּעלירט געגען אַ באַפעל פון דער באָאַרד צוריק נעמען צו דער אַרבייט 35 מאַרין אינזשינירען, וועלכע זיינען אַרונטער אין סטרייק און באַצאָלען זיי פאַר דעם צייט־פאַרלוסט. די קאָמפּאַני האָט גע'טענה'ט, אַז דורך סטרייקען האָבען די אינזשינירען זיך אַליין צוריקגעצויגען אָדער רעזיגנירט פון זייערע פּלעצער, ווייל אין דעם פאַך ווערען אַרבייטער אָנגעשטעלט ניט פאַר א באַשטימטע צייט, נאָר פאַר יעדע רייזע באַזונדער. די טענה האָט דער סוירקוט קאָורט צוריקגעוויזען און דער סופּרים קאָורט האָט די ענטשיידונג באַשטעטיגט.

די דריטע ענטשיידונג איז געווען אויף דעם אַפּיל פון דער לייבאָר באָאַרד געגען אַן ענטשיידונג פון דעם סוירקוט קאָורט אַוו אַפּילס, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען אַן אינדזשאָנקשאָן צו דער רעפּובליק סטיל קאָ., פאַרבאָטענדיג דער באָאַרד אָנצוגיין מיט דעם פאַרהער. די ענטשיידונג פון דעם נידעריגען געריכט איז צוריקגעוויזען געוואָרען.

# דער פערטעל־יערליכער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד



די וויכטיגסטע פאסירונג היינטיגן מאנאט אין אונזער אינטערנעשאנאל איז, אהן ספק, דער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין מינעאפאליס, מינעסאטא, אין דער לעצטער וואך פון מאי.

די זיצונגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנאל, קען מען זאגן, זיינען פאקטיש קליינע קאנווענשאנס, וואו עס ווערן אפגעגעבן פולע באריכטן פון דער לאגע און ענטוויקלונגען אין אונזערע יוניאנס איבער'ן גאנצן לאנד און עס ווערן אנגענומען וויכטיגע באשלוסען צו אלע פראבלעמען אין דער יוניאן. ווען דער איבערזיכט ווערט געשריבן האלטען מיר נאך אן די זיצונגען. פון די באריכטען וואס מיר קריגען ביז איצט, איז נישטא דער מינדסטער ספק אז דארט ווערן פארזיכטיג באטראכט פילע וויכטיגע פראגען און עס וועלען ארויסגעטראגען ווערן וויכטיגע באשלוסען.

## די אויפנאמע וואס די גענעראל באארד האט געקראגען אין מינעאפאליס

די אויפנאמע וואס פרעזידענט דובינסקי און די מיטגלידער פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד האבען געקראגען פון די אינטערנעשאנאל מיטגלידער אין מינעאפאליס און סיינט פאול, מינעסאטא, ביים אנקומען אין שטאט האט זיך זייער אויסגעצייכנט מיט איינדרוקספולקייט. עטליכע הונדערט אקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאן אין די צווילינג־שטעט אנגעפירט פון מייער פערלשטיין האבען באגעגנט די געסט. פארויס איז געגאנגען א גרופע מיטגלידער פארקליידט אין די נאציאנאלע קאסטיומען פון די ערשטע מענשען וואס האבען באזעצט דעם סטייט. די מיידלאך האבען געטראגען שוועדישע, אינדיאנישע, האלענדישע, נארוועגישע, איירישע און סקאטישע קאסטיומען, וועלכע האבען מיט זיך פארגעשטעלט א זעלטענע פארבענרייכקייט. די מיטגלידער און געסט האבען זיך דאן אויסגעשטעלט אין א פראצעסיע און אוועקגעמארשירט אין האטעל אונטער'ן קלאנג פון ארבייטער־לידער, וואו עס איז געגעבן געווארען אין אוונד א באנקעט.

## דעם פרעזידענט'ס באריכט

פרעזידענט דובינסקי'ס באריכט וועגן דער לאגע פון דער יוניאן איבער'ן גאנצן לאנד האט פארנומען דעם גאנצן טאג מאנטאג. ער האט אנגעוויזען, אז טראץ די שלעכטע עקאנאמישע לאגע, וועלכע די דעפרעשאן האט געבראכט, אין די אינטערנעשאנאל געווען בכח ניט נאר אנצוהאלטען די איינינקייט און שטארקייט פון דער ארגאניזאציע נאר זי איז געווען ערפאלגרייך אין פילע פעלע וואו מען האט געשלאסען אגרימענטס צו קריגען פאר די ארבייטער בעסערע באדינגונגען.

אין דער זעלבער צייט האט ער אנגעוויזען, אז די דעפרעשאן האט גאנץ ערנסט אנגערירט געוויסע אנדערע טריידס.

די ניט־גודס אינדוסטריע און די אנדערוועאר אינדוסטריע האבען אמשטארקסטען געליטען, — האט פרעזידענט דובינסקי געזאגט. — די קלאוק אינדוסטריע האט געהאט קורצע סיזאנס און ארבייטסלאזיגקייט אלס א רעזולטאט פון דער דעפרעשאן, און די דרעס אינדוסטריע האט געמוזט דורכמאכען זעהר ערנסטע ענדערונגען אין די פרייזעס.

דובינסקי האט הויפטזעכליך באטאנט דעם פאקט, אז טראץ די שלעכטע צייט האט די אינטערנעשאנאל אנגעהאלטען די ארגאניזאציאנס קאמפיינס און אנדערע טעטיגקייטען אונאונטערבראכען. די יוניאן איז נאטירליכערווייזע געווען געצוואונגען אנצוגעהן אביסעל לאנגזאמער מיט דער ארבייט. אין אלגעמיין איז די יוניאן געווען בכח דורכצוטראגן די דעפרעשאן אויסגעצייכנט גוט.

פרעזידענט דובינסקי האט זיך אין זיין באריכט אפגעשטעלט אויף די סטרייקס, וואס די יוניאן איז געווען געצוואונגען אנצופיהרען. ער האט געזאגט, אז כמעט אין אלע פאלען האט זיך דער יוניאן איינגעגעבן ענטוועדער צו באנייען די אגרימענטס אויפ'ן אלטען באזיס אדער גאר פארבעסערן דעם אגרימענט. עס איז כמעט ניט געווען קיין איין פאל, האט ער געזאגט, ווען די יוניאן זאל זיין געצוואונגען צוריקצוטרעטען פון די פריהער־אויסגעקעמפטע פאזיציעס. ער האט אויסגערעכנט די סטרייקס, וואס די אינטערנעשאנאל האט געפירט אין סאן פראנציסקא, לאס אנדזשעלעס, סאן אנטאניא, טעקסעס, שיקאגא, פילאדעלפיע, דעטראיט, סאוט דזשוירזי, טאראנטא און א פאר קלענערע פלעצער. ער האט אנגעוויזען, אז אין איניגע פאלען האבען זיך די סטרייקס געצויגען צווישען 6 און 8 מאנאטען. קיין איינער פון זיי איז ניט פארלארען געגאנגען, און פילע פון זיי זיינען פארצייכנט געווארען אלס זיגען, מיט בעסערע אגרימענטס.

אין פארלויף פון זיין באריכט האט פרעזידענט דוד דובינסקי ערקלערט די אורזאכען ווארום ער האט זיך אנטזאגט אנצונעמען דעם אמט פון טשערמאן פון דער האוזינג קאמיטע, צו וועלכען די סי. אי. א. פירערשאפט האט איהם אפאינטעט. ער האט פארגעלייענט דעם בריף, וואס ער האט אדרעסירט צו דזשאהן לואיס, טשערמאן פון דער סי. אי. א., דעם 20טען אפריל, אזוי שנעל ווי מען האט איהם אינפארמירט, דאס ער איז באשטימט געווארען טשערמאן פון דער האוזינג קאמיטע. אין דעם בריף געפינט זיך דער פאלגענדער פאראגראף:

„צום באדויערען מוז איך זיך אפזאגען פון דעם אמט. אן ארבייטער קאמיטע איבער האוזינג, אום צו זיין ניצליך און פארטרעטען די אינדוסטריע, מוז, לויט מיין מיינונג, אריינגעמען פארטרעטער פון ארגאניזירטע ארבייטער אין די בילדינג טריידס, און עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז איך קען ניט פרעטענדירען צו פארטרעטען זיי. מיין ניצליכקייט אין אזא קאמיטע ווי די האוזינג קאמיטע וואלט דעריבער געווען זעהר באגרעניצט, אויב ניט אין גאנצען דעקלאראטיוו”.

פרעז. דובינסקי האט אויך באריכטעט, אז דער איצטיגער סטעף פון דער אינטערנעשאנאל באשטעהט פון 222 מענשען; פון זיי 153 אפיסערס און 69 אפיס אנגעשטעלטע. אויך, אז דער גאנצער סטעף פון אלע יוניאנס און דזשאינט באארדס צוזאמענגענומען באשטעהט פון 1161 מענשען, מיט א יעהרליכען פעיראל פון 2 מיליאן מיט 203 טויזענד דאלאר.

## באריכטען פון די וויס־פרעזידענטען

דובינסקי האט אין זיין באריכט אויך אריינגענומען די באזונדערע רעפארטס וואס די פארשיידענע וויס־פרעזידענטען, פארוואלטער פון באזונדערע דעפארטמענטס האבען איהם צוגעשטעלט אין א שריפטליכער פארמע.

אזעלכע שריפטליכע באריכטען זיינען צוגעשטעלט געווארען פון די פאלגענדע וויס־פרעזידענטען: הערי וואנדער, וועמעס רעפארט האט זיך באצויגען אויף דער לאגע אין דער אינדוסטריע פון איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט; עלאיס רייזבערג'ס באריכט האט זיך באצויגען אויף דער לאגע אין דער קאטען גארמענט אינדוסטריע; טשארלס קריינדלער — אויף דער לאגע אין באלטימאר.

וויס־פרעזידענט פיליפ קרעימער און ראוז פעסאטא האבען באריכטעט פאר די יוניאנס אין באסטאן.

פאר קליוולאנד און דער אהייא טעריטאריע האט דעם באריכט צוגעשטעלט איברעהעם קאטאווסקי.

וויס־פרעזידענט מאריס ביאליס האט באריכטעט וועגן שיקאגא און מאיר פערלשטיין פאר דעם סאוט־וועסטערן דיסטריקט.

באריכטען זיינען אויך אפגעגעבן געווארען וועגן דער לאגע אין דער אינדוסטריע און די יוניאנס אין דער וועסטערן טעריטאריע, אין וועמעס נאמען דעם רעפארט האט צוגעשטעלט י. פיינבערג.

אן אויספיהרליכען רעפארט וועגן קענעדע האט צוגעשטעלט פרעזידענט דובינסקי אליין.

די וויס־פרעזידענטען איזידאר נאגלער, דזשענעראל מענעדזשער פון דער ניו יארקער קלאוק דזשאינט באארד, און דזשוליוס האכמאן, דזשענעראל מענעדזשער פון דער ניו יארקער דרעס מאכער דזשאינט באארד, האבען ביי די זיצונגען פון דער גענעראל באארד אפגעגעבן זעהר אינטערעסאנטע און וויכטיגע באריכטען וועגן די אויפטואונגען פון זייערע באטרעפענדע דזשאינט באארדס. זייערע באריכטען האבען באמת אפגעשפיגעלט דעם איצטיגען צושטאנד און פראבלעמען פון די ניו יארקער קלאוק און דרעסמאכער.

האכמאן האט אין זיין באריכט געגעבען א בילד וועגן דער ריזיגער ארבייט וואס די דרעסמאכער יוניאן האט אין די לעצטע צוויי יאר דורכגעפירט און די גרויסע קאסטען וואס זיינען דערמיט געווען פארבונדען. עס זיינען פאר דער צייט געסעטעלט געווארען די ארבייטס פרייזען פון 271 טויזענט און 648 סטיילס פון דרעסעס און דאס האט געקאסט דער יוניאן ארום א פערטעל מיליאן דאלאר. די יוניאן האט איינגעמאנט 546 טויזענד דאלאר אין שטראף און „בעק־פעי” פון די באלעבאטים אין די לעצטע צוויי יאר. זינט 1933 האט די יוניאן אויפגעמאנט א מיליאן און 75 טויזענד דאלאר.

דזשוליוס האכמאן האט אין זיין רעפארט הויפטזעכליך זיך אפגעשטעלט אויף די קומענדע קאנפערענצען, וועלכע די יוניאן וועט דארפען אנפירען, כדי צו באנייען דעם אגרימענט אין דער דרעס אינדוסטריע. דער אגרימענט געהט אויס קומענדען יאנואר. דער איצטיגער אגרימענט איז א דריי־יאריגער. ער האט אויך צוגלייך אנגעוויזען, אז אוט־אוו־טאון שטעלט מיט זיך פאר א זעהר אנגעוועהטאגטע פראבלעם פאר דער אינדוסטריע, און אז די דאזיגע פראבלעמע וועט ערנסט באטראכט ווערען אין צוזאמענהאנג מיט די קינפטיגע אגרימענטס.

אין שייכות מיט דעם שלאגט האכמאן פאר:

1) עס מוז דורכגעפירט ווערען א שטרענגער קאנטראל, אז די יוניאן באדינגונגען זאלען אפגעהיט ווערען אוט־אוו־טאון, און אז זיי זאלען טראגען דעם זעלבען כאראקטער ווי אין ניו יארק.

2) די ביליגערע לאין גארמענטס קען בעסער קאנטראלירט ווערען דורך דעם סיסטעם פון שטיק־ארבייט.

3) אז די אינטערנעשאנאל זאל איינפירען א נאציאנאלען פרייז־קאנטראל דעפארטמענט, כדי צו איינפירען אן איינהייטליכען סטאנדארד, און כדי אויסצוגלייכען דעם אונטערשייד פון פרייזען, און אזוי ארום באזייטיגען קאנקורענץ.

4) די דזשאינט באארד זאל באזיצען די פולסטע מאכט און מאשינערי, כדי אפצוהיטען באדינגונגען אוט־אוו־טאון.

אין זיין באריכט האט אויך האכמאן באטאנט, אז זינט דעם יאר 1933 האבען די ארבייטער ניט געהאט א באמת גוטען סעזאן אין דעם ריכטיגען זינען פון ווארט. ער האט אבער צוגלייך באריהרט אויף דעם פאקט, אז ניט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען מיט וועלכע די יוניאן האט געמוזט קומען אין צוזאמענשטויס, איז איהר פונדעסטוועגען געלונגען צו מאכען פארטשריט אין דער באזייטיגונג און באגרעניצונג פון קאנטראקטארס, ווי אויך אין דעם וואס פרייזען ווערען איצט געסעטעלט מיט די דזשאבערס דירעקט. ער האט אויך דערצעהלט וועגן דעם ערפאלגרייכען פארזוך איינצופירען טאלק און קאנטראל אין דער $1.37 לאין, און אז איצט איז די דאזיגע לאין אונטער דעם אויסשליסליכען קאנטראל פון דער יוניאן.

דער באריכט פון דזשוליוס האכמאן און זיינע פאדערונגען וועגן אוט אוו טאון האט ארויסגערופען א לענגערע דיסקוסיע אין וועלכער עס האבען זיך באטייליגט טשארלז צימערמאן, מענעדזשער פון לאקאל 22 דרעסמאכער יוניאן, עלייאס רייזבערג, פארוואלטער פון קאטען גארמענט דעפארטמענט, און הערי וואנדער, דער פארוואלטער פון דעם אוט אוו טאון דעפארטמענט.

צום שלוס פון דער דיסקוסיע זיינען אנגענומען געווארען די פאלגענדע באשלוסען:

1) אלע אגרימענטס, וועלכע די יוניאן שליסט מיט דרעס מאנופעקטשורערס איבער'ן לאנד, זאלען ענטהאלטען פונקטען, וועלכע זאלען זיין ענליך און איינהייטליך ווי ווייט מעגליך מיט די באדינגונגען וואס די ניו יארקער דרעס־אגרימענטס אנטהאלטען.

2) דער סיסטעם פון סעטלען פרייזען מיט דזשאבערס פאר זייערע קאנטראקטארס זאל אויך איינגעפירט ווערען אין די אגרימענטס אין די אנדערע דרעס־מארקעטס.

3) אז א קאנפערענץ זאל אין דער נאהענטער צוקונפט גערופען ווערען, אין וועלכער עס זאלען זיך באטייליגען אלע יוניאן־מארקעטס פון דעם דרעס־טרייד. ביי דער דאזיגער קאנפערענץ זאל דיסקוטירט ווערען

דעם בנין. דער לאָקאַל זוכט ניט קיין קרעדיט און ניט קיין רעקלאַמע פאר דער ארבייט. אלץ וואס דער לאָקאַל האָט געטאָן האָט ער אין זינען געהאַט דעם געזונדצושטאַנד פון די קראנקע מעמבערס. מיט דער געשיכטע פון אונזער פאַנד געהט די געשיכטע פון דעם „יוניאָן העלטה צענטער”. ביידע זיינען געקניפּט און געבונדען. זיי זיינען א צווילינג.

היינט ווען דער לאָקאַל פייערט דעם 25 יאריגען יום טוב פון דעם רעליף און קאָנסומפּשאָן פאַנד, קוקט ער צוריק מיט שטאָלץ אויף דער ארבייט וואס דער פאַנד האָט אויפגעטאָן. ער האָט קראנקע מעמבערס געהאָלפען געזונט ווערען און פארהיט אז געזונטע מעמבערס זאלען ניט קראנק ווערען.

---

די פייערונג פון 25 יאריגען דינסט פון ברודער ברעסלאָוו פאר דעם לאָקאַל איז ביי די מעמבערס ניט וויניגער וויכטיג ווי די פייערונג פון דעם עלטער פון דעם לאָקאַל און פון דעם רעליף און קאָנסאָמפּשאָן פאָנד. ברעסלאָוו דינט דעם לאָקאַל פיל לענגער. עס איז אמת, אז א באַצאָלטער בעאמטער איז ער געוואָרען ערשט צווישען 1913 און 1914. ער איז שוין אָבער געווען פארבונדען מיט דעם לאָקאַל'ס טעטיגקייט פון פילע יאָרען פריהער. פון 1910 אָן איז ער געווען דער סעקרעטאר פון לאָקאַל. הגם ניט קיין באַצאָלטער, אָבער א דזשאב האָט ער געהאָט א גאנץ שווערען. ניט נאָר האָט דאמאלס דער סעקרעטאר געדארפט שרייבען פּראָטאָקאָלען פאר עטליכע סעקשאָנס אין אידיש, נאָר ער האָט אויך געדארפט שרייבען די פּראָטאָקאָלען אין רוסיש, ווייל די רוסישע פּרעסערס האָבען אויך דאמאלס געהאָט סעקשאָן מיטינגען פאר זיך.

פאר דער צייט וואס ברעסלאָוו איז פארבונדען מיט דעם לאָקאַל, האָט ער סיי אלס א באַצאָלטער און סיי ניט־באַצאָלטער געדינט מיט זיין הארץ און נשמה. אלס א נשמה־און קאָפּ־מענש, האָט ער געקראָגען דעם צוטרוי פון דער מעמבערשיפּ פון זיין אייגענעם לאָקאַל און האָט זיך אויך ערווארבען צוטרוי פון הונדערטער פריינד פון דער אלגעמיינער יוניאָן.

ברעסלאָוו איז געוואָרען מענעדזשער פון לאָקאַל נאָך דעם לאָק־אוט אין 1916. דער לאָקאַל, ווען ער האָט אים איבערגענומען, האָט זיך געפונען אין דער זעלבער לאגע ווי די גאנצע יוניאָן נאָך דעם לאָק־אוט. די לאגע איז ניט געווען קיין גלענצענדע. די מאָראַל פון די פּרעסערס איז געווען אביסעל געפאלען א דאנק דעם וואס דער דאמאלסדיגער סעטעלמענט האָט ניט שטאַרק אפּעלירט צו די קלאוקמאכער און די פּרעסערס צווישען זיי. פינאַנציעל איז דער לאָקאַל אויך געווען אויסגעלידיגט, ווייל, ווי איך האָב שוין באמערקט, האָט דער לאָקאַל אוועקגעגעבען זאַגאר דעם רעליף פאָנד פאר דעם לאָק־אוט.

זיין טעטיגקייט פון בעפאָר איז אים פיל צונוץ געקומען, אָבער די ארבייט אלס מענעדזשער האָט אויף אים ארויפגעלייגט פילע פליכטען און א גרעסערע פאַראַנטוואָרטלאכקייט. ער האָט געדאָרפט ארבייטען זעהר שווער צוריק אויפצוהייבען די מאָראַל פון די מעמבערס וועלכע איז אפּגעשוואכט געוואָרען ניט נאָר א דאנק דעם נייעם אַגרימענט אין דעם טרייד, נאָר אויך צוליב דעם וואס נאָך דעם סעטעלמענט פון לאָק־אוט איז ניט געווען קיין ארבייט אין פילע שעפּער אין טרייד. מיט דער קאָאָפּעראַציע פון די מענשען וועלכע האָבען אין אים געהאָט דעם גלויבען, האָט ער צוריקגעבראכט אָרדנונג אין דעם לאָקאַל און מיט דעם ארדנונג, די מאָראַל צווישען די פּרעסערס. אין דעם ליכט פון ערלעדיגען די פארשידענע קאָמפּליינטס פון די מעמבערס, און די רעזולטאַטען דערפון, האָבען זיי דערפילט אז אין זייער אָפיס איז דאָ ווער עס זאָל אויפפּאסען אויף זייערע טאָג־טעגליכע שאָפּפראגען. דער צוטרוי פון די מעמבערס צו אים, האָט אָנגעפאנגען צו שטייגען. מיט ברעסלאָוו'ס אריינקומען אין דעם אָפיס אלס דער פירער פון דעם לאָקאַל, האָט דער פּרעסער דערפילט אז ער איז ניט מער דער לעצטער אין שאָפּ.

---

ברעסלאָוו אלס מענעדזשער פון דעם לאָקאַל וואס האָט א מעמבערשיפּ פון א פארשידענאַרטיגען כאראקטער, איז קיינמאָל ניט, פאר דער צייט וואס ער איז דער פירער פון לאָקאַל, מיטגעריסען געוואָרען פון דעם אָדער יענעם גרופּ אין דער יוניאָן. אלס א פירער, קאָן איך זאָגען, באַלאַנגט ער צו דער קאַטעגאָריע פון די, וועלכע מאַכען ניט קיין סענסאַציאָנעלע באַשליסע ווען זייער אָרגאַניזאַציע שלאָגט זיך אָן אָן פארשידענע פּראָבלעמען. אלעס באַטראַכט ער מיט א קריטישען בליק און ווען ער איז איבערצייגט אז דאָס איז די לייזונג צו דער אָדער יענער פּראָבלעם אין שייכות מיט די אינטערעסען פון די פּרעסערס, קומט ער צו זיי און מיט א גאנץ קלאָרער שפּראַך זאָגט ער, אז דאָס דאַרף מען טאָן. די מעמבערס האָבען צוטרוי צו זיין קאַלטען שכל און פילע, פילע מאָל ווילען זיי אפילו ניט פארלירען קיין צייט און הייסען גוט זיינע רעקאָמענדאַציעס.

מיט דעם מעמבער פון דעם לאָקאַל איז ער געקניפּט און געבונדען. ער ווייס יעדען פון זיי. ער האָט דעם חוש צו וויסען ווען דער איינצעלנער מעמבער איז גערעכט אדער אומגערעכט. דער גערעכטער און אזוי דער אומגערעכטער מעמבער פארלאָזט אימער זיין אָפיס א צופרידענער.

ווערענד איך גיב א זעהר באַגרעניצטע אָפּשאַצונג וועגען ברעסלאָוו צו דער פייערונג פון זיינע פילע יאָרען טעטיגקייט אין לאָקאַל 35, וויל איך באַקענען דעם אלגעמיינעם לעזער פון דער „גערעכטיגקייט” מיט זיין כאַראַקטעריסטיק, אום צו קאָרעגירען א פאלשען איינדרוק וואס געוויסע קרייזען אין אונזער באוועגונג האָבען זיך וועגען אים געשאַפען, אז ער איז א קאָנסערוואַטיווער מענש. די קרייזען מאַכען אַ טעות. נאָך מיין פּערזענליכער מיינונג, און דאָס זאָג איך נאָך אזוי פיל יאָרען ווי איך קאָן אים, איז ער מער רעוואָלוציאָנער אין זיין ארבייט, ווי פילע אנדערע מענשען מיט דער אויסנאַמע, דאָס זיין רעוואָלוציאָנערקייט דריקט זיך ניט אויס דורך רעקלאַמע, נאָר עס דריקט זיך אויס דורך קאָנסטרוקטיווע אַרבייט. איך קאָן איבערגעבען פילע אינצידענטען וועלכע וואָלטען באַשטעטיגט מיין באַהויפּטונג, אָבער איך וועל דאָס ניט טאָן. איין אינצידענט וועל איך יאָ ברענגען. אין 1919, ווען די יוניאָן האָט פארהאַנדעלט וועגען א וואָך אַגרימענט מיט די מאַנופעקטשורערס אין טרייד, האָט זיך דאָרט געהאַנדעלט די פראגע וועגען די ווידזש סקיילס סיי פאר די פּרעסערס, וועלכע זיינען שוין געווען אלטע וואָכען־ארבייטער, און סיי פאָר די פאכען וועלכע האָבען ערשט געדארפט אָנפאַנגען ארבייטען פון דער וואָך. אויף יענעם קאָנפערענץ איז ענטשטאַנען א חילוקי־דעות צווישען אים און דער גאנצער קאָנפערענץ קאָמיטע. אין א גאַנץ קלאָרער שפּראַך האָט ער געזאָגט: „די פּרעסערס וועלען ניט צוריקגעהן צו דער אַרבייט סיידען זיי וועלען קריגען זייערס צו וועלכען זיי זיינען בארעכטיגט”. זיין אגרעסיווע שטעלונג האָט דאמאלס געענדערט די גאנצע לאַגע. די באַלעבאַטים זיינען געצוואונגען געווען נאָכצוגעבען דעם פארלאַנג פון די פּרעסערס, און דורך דעם האָבען די סקיילס פאר די אפּערייטאָרס און די פינישערס זיך ארויפגערוקט.

דאָס איז ברעסלאָוו! אַזוי האַנדעלט ער כמעט אימערצו ווען עס האַנדעלט זיך וועגען די אינטערעסען, ניט נאָר פון די פּרעסערס, נאָר אויך פון אלע אַנדערע ארבייטער אין טרייד.

---

בלויז אויף אַ בעשרענקטען אופן האָב איך איבערגעגעבען דאָס וואָס די פּרעסערס האָבען דורכגעמאַכט אָהן א יוניאָן. וועגען יענע טעג, ווען די יוניאָן האָט נאָך ניט געווירקט ווי היינט, האָבען די פּרעסערס פיל צו דערציילען.

דעם שעדליכען איינפלוס וואס די העד־פּרעסערס האָבען געהאָט איבער זייערע אונטערטאַנען האָט דער לאָקאַל מיט איין מאָל ניט פארניכטעט. נאָך דעם סך הכל פון 35 יאָר בין איך ניט דער איינציגער וואס איז שטאָלץ מיט די פּרעסערס אלס יוניאָן לייט. זייער גלויבען אין זייער יוניאָן, זייער לאָיאַליטעט צו אלע קאַמפען וואס די אלגעמיינע יוניאָן האָט אין דעם משך פון איר עקזיסטענץ געפירט, האָט באַשטימט דעם פלאַץ וואס דער לאָקאַל פארנעמט אין דער געשיכטע פון אונזער אינטערנעשאָנעל און האָט אויך באַשטימט דאָס בלאַט וואס דער לאָקאַל וועט פארנעמען ווען די אלגעמיינע ארבייטער באוועגונג וועט שרייבען איר געשיכטע.

אלס יוניאָן לייט האָבען די קלאוק פּרעסערס געוויזען פילע, פילע ביישפּילען פאר אנדערע ארבייטער פון די אידישע טריידס. זיי זיינען געווען די ערשטע זיך צו זאָרגען פאר דעם געזונד פון זייערע מיט־מענשען און זיי זיינען אויך געווען די ערשטע צו זאָרגען פאר די וועלכע האָבען ניט תמיד דעם גליק צו האָבען א דזשאב צו דער ארבייט.

אין דעם ליכט באַגריס איך די מעמבערס צו אונזער דרייפאכער פייערונג! איך ווינש דעם לאָקאַל צו ווערען נאָך שטאַרקער ווי ער איז היינט. איך ווינש אויך ברודער ברעסלאָוו אז ער זאָל האָבען דעם כח ווייטער פארצוזעצען זיין פרוכטבאָרע ארבייט פאר די מעמבערס.

# א טעאַטער אונטערנעמונג אין לאָס אַנדזשעלעס

אין מיין לעצטען באריכט וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער יוניאָן האָב איך דערמאָנט, אַז די לאָקאַלען האָבען איינגעפירט אַרבייטסלאָזען אינשורענס און רעליף פאָנדס. דער ערשטער לאָקאַל, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט העלפען די אַרבייטסלאָזע מעמבערס, איז געווען לאָקאַל 84. דער קלאָוק און דרעס קאַטערס לאָקאַל. יעדער קאַטער צאָלט 50 סענט אַ מאָנאַט און פון די 50 סענטיגע ווערט געצאָלט בענעפיט צו די אַרבייטסלאָזע. יעצט, ווען אַרבייטסלאָזיגקייט איז פאַרגרעסערט געוואָרען, זיינען די 50 סענטיגע ניט גענוג. דער לאָקאַל האָט דעריבער באַשלאָסען צו מאַכען אַ טעאַטער־אונטערנעמונג אַלס בענעפיט פאַר דעם אַרבייטסלאָזען פאָנד.

עס וועט געשפּילט ווערען זעהר אַן אינטערעסאַנטע און צייטליכע פּיעסע. עס וועט אויפגעפירט ווערען „דזשאַדזשמענט דעי” פון דעם באַרימטען דראַמאַטורג עלמער רייס. עס איז אַ פּיעסע, וואָס שפּיגעלט אָפּ וואָס עס קומט פאָר אין די דיקטאַטאָרישע לענדער, וואו גערעכטיגקייט און פרייהייט עקזיסטירט ניט און וואו באַשולדיגטע קריגען ניט קיין געלעגענהייט צו באַווייזען זייער אומשולד. אָט די אינטערעסאַנטע און זעהר וויכטיגע פּיעסע וועט אויפגעפירט ווערען פרייטאָג, דעם 20טען דזשון, אין מייען טעאַטער, 11טע און היל סט.

מיר ערוואַרטען, אַז ניט נאָר יעדער מעמבער פון לאָקאַל 84 וועט קומען, נאָר אַז יעדער פריינד פון אונזער יוניאָן וועט פּאַטראָנייזען די אונטערנעמונג.

ניט נויטיג צו זאָגען, אַז עס איז אין די אינטערעסען פון די אַלע וואָס האָבען דזשאָבס צו העלפען די אַרבייטסלאָזע. ניט נאָר ווייל עס איז איינפאַך אַ ברידערליכע און מענשליכע פליכט צו העלפען איינעם וואָס נויטיגט זיך אין הילף, נאָר עס איז איינפאַך דירעקט אין די אינטערעסען פון די וואָס אַרבייטען צו העלפען די אַרבייטסלאָזע, אום זיי זאָלען ניט זיין געצוואונגען צו קלאַפּען אין די טירען נאָך אַרבייט. מיר קענען און טאָרען ניט פאַרלאַנגען פון איין אַרבייטסלאָזען מעמבער ער זאָל ניט געהן זוכען אַ דזשאָב איבער מיר העלפען אים ניט אמוניגסטענס אויף דאָס נויטיגסטע. איך אַפּעליר דעריבער צו אַלע מעמבערס פון אַלע לאָקאַלען און צו טרייד יוניאָניסטען פון לאָס אַנדזשעלעס אין אַלגעמיין: צייגט אייער סאָלידאַריטעט צו אַ לאָקאַל יוניאָן! מאַכט אונזער אונטערנעמונג פאַר אַן ערפאָלג און העלפט דערמיט די פון אונזערע ברידער וואָס נויטיגען זיך אין הילף!

אַלזאָ, געדענקט דעם דאַטום און פּלאַץ: פרייטאָג, דעם 10טען דזשון, אין מייען טעאַטער, 11טע און היל סטריט.

טיקעטס קאָסטען בלויז 25 און 55 סענט. מאַכט אייערע רעזערווישאָנס אין יוניאָן אָפיס, 215 איסט 8טע סטריט.

ה. רובינשטיין.

---

# לאַנד צוזאַמענפאָר פון „ציקאָ” 10טען יוני

דעם 10טען, 11טען און 12טען יוני וועט דאָ אין ניו יאָרק אָפּגעהאַלטען ווערען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער צענטראַלער אידישער קולטור אָרגאַניזאַציע „ציקאָ”.

די קולטור־אָרגאַניזאַציע „ציקאָ” איז איינע פון די וויכטיגסטע ערשיינונגען אין געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען פון די אידישע מאַסען אין אַמעריקאַ. עס פילט זיך שוין לאַנג די נויטיגקייט אין אַ צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל אַריינטראָגען פּלאַנמעסיגקייט און קאָאָרדינאַציע אין דער גאַנצער אידישער קולטור־אַרבייט און אָפּשאַפען דעם איצטיגען צושטאַנד, וואו פאַרשיידענע קולטורעלע אינסטיטוציעס טוען אָפט ענליכע ארבייט און פּלאָנטערן זיך איינע דער צווייטער אונטער די פיס.

די „ציקאָ” איז געגרינדעט געוואָרען טאַקע מיט אָט־דעם צוועק און פאַר אָט־דער אויפגאַבע. זי איז געגרינדעט געוואָרען דורך דער איניציאַטיוו פון אַרבייטער רינג, אידיש־נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד און י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין. אָן איהר האָבען זיך שוין אָנגעשלאָסען אַ גאַנצע רייע וויכטיגע אָרגאַניזאַציעס איבער'ן גאַנצען לאַנד און אַ גרויסע צאָל אָנגעזעהענע שרייבער און קולטור־טוער. דער צוזאַמענפאָר איז דעריבער אַ וויכטיגע געשעהעניש אין דעם קולטורעלען לעבען פון די אידישע מאַסען דאָ אין לאַנד.

מיר האָפען, אַז דער צוזאַמענפאָר פון דער „ציקאָ” וועט זיין באמת פרוכטבאַר און וועט לעגען אַ פעסטען פונדאַמענט פאַר אַ געפלאַנטער, אַלץ אומפאַסענדער אידישער קולטור־טעטיגקייט דאָ אין לאַנד.

שטעלט צו פּרעזידענט דובינסקי, ווערט דערציילט וועגן דעם גרויסן פינאַנציעלן, מאָראַלישן און קינסטלערישן ערפאָלג פון „פּינס ענד נידעלס". די דאָזיגע אויפפירונג איז אויך אַ גרויסער ערפאָלג אין אַנדערע שטעט און מען וועט אויך די סאַטירע אויפפירן אין שיקאַגאָ.

אַ באַריכט, וואָס דער לייבל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנאַל האָט צוגעשטעלט, באַווייזט, אַז די אינטערנעשאַנאַל זעצט פאָר איהר פאַרבינדונג מיט'ן לייבל דעפּאַרטמענט פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאַן אָו לייבאָר.

## איינקונפט פון דער אינטערנעשאַנאַל אין 1937 קאַרגע זעקס מיליאָן דאָלאַר

אין איינקלאַנג מיט דער פּאָליסי פון דער אינטערנעשאַנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן צו פאַרעפענטליכען אַלע איינגאַמען און אויסגאַבען פון אַלע אירע אַנגעשלאָסענע יוניאָנס אַזוי גוט ווי פון צענטראַלען אָפּיס, האָט די גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד ביי איר איצטיגען פערטעל־יערליכען מיטינג אין מינעאַפּאָליס, מינעסאָטאַ, פאַרעפענטליכט אַ גרינדליכען באַריכט וועגען די איינגאַמען און אויסגאַבען פאַר דעם יאָר 1937 פון אַלע אירע אַנגעשלאָסענע 288 לאָקאַל יוניאָנס, 20 דזשאָינט באָארדס, 7 געגענד־דעפּאַרטמענטען אין די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע און פון גענעראַל אָפּיס פון דער אינטערנעשאַנאַל.

דער אַלגעמיינער איינקונפט פון דער אינטערנעשאַנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן דורך דעם לעצטען יאָר, — זאָגט דער באַריכט, — האָט אַנגעטראָפען די ריזיגע סומע פון 5,847,957 דאָלאַר מיט 50 סענט (די סומע שליסט ניט איין די איינגאַמע פון לייבאָר־סטיידזש פון דער ערפאָלגרייכער מיוזיקאַל רעוויו „פּינס ענד נידעלס"). פון דער סומע האָט דער גענעראַל אָפּיס ערהאַלטען 1,910,047 דאָלאַר מיט 19 סענט אַלס פער קאַפּיטאַ פון די דיוס און אַנדערע ביישטייערונגען. פאַר די אַנגעשלאָסענע לאָקאַלס איז פון דער סומע געבליבען די איינקונפט פון 3,937,910 דאָלאַר מיט 31 סענט. דער גאַנצער איינקונפט איז אַריינגעקומען פון די וועכענטליכע דיוס וואָס די מעמבערס צאָלען, פון איינטריט געלט, אַסעסמענט און סיק בענעפיט צאָלונגען.

פאַנאַנדערגלידערענדיג די אויסגאַבען דורך 1937 וואָס האָט אַנגעטראָפען די סומע פון פינף מיליאָן, אַכט הונדערט זעקס און זעכציג טויזענד זעקס הונדערט און אַכט און פופציג דאָלאַר מיט 31 סענט, ווייזט אָן דער באַריכט, אַז אַרום 24 פּראָצענט דערפון איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף אַלגעמיינע אַדמיניסטראַציאָנס־הוצאות, וואָס האָט איינגעשלאָסען 647 טויזענד 579 דאָלאַר מיט 40 סענט אין שכירות צו די אָפּיס־אַנגעשטעלטע אין דריי הונדערט אָפּיסעס איבער'ן גאַנצען לאַנד. אין דער סומע איז אויך אַריינגערעכענט 67,243 דאָלאַר מיט 30 סענט וואָס די אינטערנעשאַנאַל האָט באַצאָלט צו דער סי. איי. אָ. אַלס איר פער קעפּיטאַ צאָלונג פאַר דעם יאָר.

62 פּראָצענט פון דער גאַנצער סומע איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף אָרגאַניזאַציאָנס אויסגאַבען, אָדער אַ סומע פון $3,617,444.80. אין דעם איז איינגעשלאָסען די שכירות פון אַלע לאָקאַל מענעדזשערס, ביזנעס אַגענטען, אָרגאַנייזערס, פּרייז אַדזשאַסטערס, אָרגאַניזאַציאָנס אויסגאַבען, סטרייק הוצאות, אויסגאַבען אויף לאָיערס און געריכטען. סטרייק בענעפיט און רעליף אויסגאַבען האָבען אַנגעטראָפען $409,424.73. די אויסגאַבען פאַר דער לעצטער קאָנווענשאָן זיינען געווען $209,154.44. דער עדיוקיישאַנאַל און ריקריאישאַנעל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנעל האָט דעם יאָר געקאָסט $177,924.95.

אין אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג פון דעם באַריכט אונטער'ן טיטעל „ביישטייערונגען און הילף" ווערט אָנגעוויזען, אַז אין דעם יאָר האָט די יוניאָן אויסגעגעבען אַ סומע פון 729,488.51 דאָלאַר פאַר די צוועקען. דאָס איז כמעט 13 פּראָצענט פון איר גאַנצען איינקונפט. אין דעם איז איינגעשלאָסען $182,503.48 פאַר קראַנקען און קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט און 85,859.31 דאָלאַר פאַר שטיצע צו איינצעלנע נויטבאַדערפטיגע מיטגלידער. שטיצע צו אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און צדקה אַנשטאַלטען האָט די אינטערנעשאַנאַל דורך דעם יאָר אויסגעצאָלט די סומע פון $370,450.48, וועלכעס האָט איינגעשלאָסען 100,000 דאָלאַר צו דער טעקסטיל וואָירקערס אָרגאַנייזינג קאָמיטע, $55,000 צו דער סטיל וואָירקערס אָרגאַנייזינג קאָמיטע, און $215,450.48 צו פאַרשיידענע אַנדערע אַרבייטער־ און צדקה־אָרגאַניזאַציעס. אַחוץ דעם האָט די אַמעריקאַן לייבאָר פּאַרטי געקראָגען דאָס יאָר פון דער אינטערנעשאַנאַל, פון גענעראַל אָפּיס און פון די אַנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס, אין דיוס און בייטראַגען די סומע פון $90,675.24.

דער סך הכל פון אַלע אויסגאַבען פון דער אינטערנעשאַנאַל און אירע אַנגעשלאָסענע לאָקאַלס דורך דעם יאָר האָט, ווי געזאָגט, אַנגעטראָפען די סומע פון $5,866,658.41 און דער סך הכל פון די איינגאַמען איז געווען $5,847,957.50. די אויסגאַבען זיינען אַלזאָ געווען העכער פון די איינגאַמען מיט $18,700.91. רעדענדיג וועגן דעם דעפיציט, האָט פּרעזידענט דובינסקי, וועלכער איז אויך דער גענעראַל טרעזשורער פון דער אינטערנעשאַנאַל, אַנגעוויזען, אַז די אומגינסטיגע אינדוסטריעלע לאַגע דורך דעם יאָר און דער פאַרזוך פון בעלי בתים אין איניגע פּלעצער אויסצונוצען אָט די באַדינגונגען אַרונטערצודריקען די אַרבייטס־באַדינגונגען וואָס האָט אויף דער יוניאָן אַרויפגעצוואונגען קאָסטבאַרע סטרייקס האָט געבראַכט דערצו אַז די אויסגאַבען פון גענעראַל אָפּיס איז דורך 1937 געווען כמעט טאָפּעלט ווי די סומע פון 1936. אין 1936 זיינען די אויסגאַבען פון גענעראַל אָפּיס געווען $1,070,984.99 און אין 1937 האָט עס אַנגעטראָפען $2,036,662.11. דובינסקי האָט אויך אַנגעוויזען, אַז אין דעם יאָר איז צוגעפאַלען אויך די אויסגאַבען אויף דער קאָנווענשאָן, כמעט 200,000 דאָלאַר, וואָס ווערט ניט אויסגעגעבען יעדעס יאָר.

„דאָס יאָר 1937, — האָט פּרעזידענט דובינסקי פאַרענדיגט זיין רעדע, — איז געווען אַ שווערער יאָר פאַר אונזערע מיטגלידער אינדוסטריעל און אונזער יוניאָן האָט נאַטירליך אויך געליטען פון דער דעפּרעסיע. איבער דעם, איז כאָטש אונזער איינגאַמע איז פאַרגרעסערט געוואָרען מיט אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר, איז די אויסגאַבע אויך געשטיגען. טראָץ דער דעפּרעסיע זיינען מיר גליקליך צו באַריכטען, אַז די צאָל פון אונזערע מיטגלידער איז כסדר געשטיגען אַלס רעזולטאַט פון באַשטענדיגע און קאָסטבאַרע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. אַזוי, אַז דעם 1טען יאַנואַר 1938 האָט זייער צאָל דערגרייכט דעם סך הכל פון 253,646 מיטגלידער. מיר זיינען זיכער, אַז אַזוי גיך ווי די אינדוסטריעלע באַדינגונגען וועלען בעסער ווערען און די ספּעציעלע פינאַנציעלע לאַסט פון דער יוניאָן, וועלכע שטאַמט פון דער דעפּרעסיע, וועט גרינגער ווערען, וועלען מיר זיין אימשטאַנד צו באַריכטען צו אונזערע מיטגלידער אויף דאָס ניי אַן איבערפלוס פון איינגאַמען איבער די אויסגאַבען, פּונקט ווי מיר האָבען עס באַוויזען אין די פריהערדיגע דריי יאָר, 1934, 1935 און 1936.

## סטודענט פון סיטי קאָלעדזש געווינט דעם ערשטען פּרייז אין עסעי קאָנקורס

די נעמען פון די פיר קאָלעדזש סטודענטען, וועלכע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען פון אַ קאָמיטע פון פּראָמינענטע ריכטער אַלס געווינער אין דעם עסעי קאָנקורס פון דער אינטערנעשאַנעל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, זיינען אַנאָנסירט געוואָרען פון פּרעזידענט דוד דובינסקי ביים מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד וואָס ווערט איצט אָפּגעהאַלטען אין מינעאַפּאָליס, מינעסאָטאַ.

די נעמען פון די געווינער און די פּרייזען וואָס זיי קריגען זיינען ווי פאָלגט: ערשטער פּרייז, 750 דאָלאַר, האָט געוואונען נאָרמאַן הענקין, פון סיטי קאָלעדזש פון ניו יאָרק; צווייטער פּרייז, 500 דאָלער, ענדריו אָוק, פון דער קאַטאָליק יוניווערסיטי אָוו אַמעריקע, וואַשינגטאָן, ד. ק.; דריטער פּרייז, 250 דאָלער, מייראָן ליע גאָרדאָן, פון דער יוניווערסיטי אָוו וויסקאָנסין, מעדיסאָן, וויסקאָנסין; פערטער פּרייז, 100 דאָלער, האָט געוואונען ראָבערט א. שפּרעכער, פון דער נאָרד־וועסטערן אוניווערזיטעט פון איוואַנסטאָן, אילינאָי.

די טעמע איבער וועלכער די עסעיס זיינען געשריבען געוואָרען, איז געווען „קאָמפּאַני יוניאָנס", פאַך יוניאָנס און אינדוסטריעלע יוניאָנס און זייער געזעצליכע פאַראַנטוואָרטליכקייט". דער קאָנקורס האָט זיך געשלאָסען דעם ערשטען אַפּריל. די קאָמיטע פון ריכטער איז באַשטאַנען פון דר. אַרטהור ל. ה. רובין, פון שיקאַגאָער אוניווערזיטעט, טשערמאַן; דר. פּאַול פ. בריסענדען, פון קאָלאָמביאַ; דר. סקאָט בוטשענאָן, פון סעינט דזשאָהנ'ס קאָלעדזש, פון אַנאַפּאָליס; פּראָפעסאָר פּאַול ה. דאָגלאַס, פון שיקאַגאָ, און מעריל ד. ווינסענט, לעגיסלאַטיווער ראַטגעבער פון דער אינטערנעשאַנעל און געוועזענער פּרעזידענט פון דער קאָלאָראַדאָ באַר אַסאָסיאיישאָן.

אין גאַנצען זיינען אַריינגעקומען 87 עסעיס פון 80 בילדונגס אַנשטאַלטען אין 27 שטאַטען, דער דיסטריקט אָוו קאָלאָמביאַ און פּאָרטאָ ריקאָ. באַטייליגען האָבען זיך געקענט בלויז סטודענטען וואָס דאַרפען גראַדואירען אין 1938 און 1939.

אַנאָנסירענדיג די פּרייזען האָט פּרעזידענט דובינסקי דערקלערט:

„אונזער אינטערנעשאַנעל האָט איינגעאָרדענט דעם קאָנקורס, ווייל מיר האָבען געגלויבט אַז עס איז ווערט צו סטימולירען דעם אינטערעס פון קאָלעדזש לייט אין די וויכטיגע צייטליכע פּראָבלעמען. דער אויסגעצייכענטער אָפּרוף פון די סטודענטען פון גאַנצען לאַנד האָט באַוויזען זייער אינטערעס און די וויכטיגקייט פון דער טעמע. די ריכטער לאָזען מיר וויסען, אַז די אַריינגעשיקטע עסעיס זיינען פון דער אויסערגעוועהנליכסטער קוואַליטעט און באַווייזען ניט בלויז אַ געוויסענהאַפטען שטודיום פון די פּראָגען, נאָר אויך אַ פולע פאַרשטענדיגונג פון די פּראָבלעמען און דער וויכטיגקייט פון די היסטאָרישע געשעענישען וואָס געהען איצט אָן אין די טרייד יוניאָנס."

## רעזאָלוציע פון די אַרבייטער פון סידני קליינפילד'ס שאַפּ

מיר, די אַרבייטער פון סידני קליינפילד, און אויך די געוועזענע אַרבייטער פון דער פירמע, זייענדיג פאַרזאַמעלט ביי אַ שאַפּ מיטינג, אין דעם דזשאָינט באָארד אָפּיס, פרייטאַג, דעם 14טען אַפּריל, באַשליסען איינשטימיג אַנצונעמען די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז איינער פון דער פירמע, וועלכער איז געווען דער פינאַנס־מאַן, איז אַרויס פון פּאַרטנערשיפּ, און אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם האָט זיך באַשאַפען אַ לאַגע, אַז די גאַנצע פירמע האָט געוואָלט אויפגעבען די ביזנעס, און אין אַנבאַטראַכט אַז ווען דאָס וואָלט פּאַסירט, וואָלטען גענוי 100 מענשען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אין גאַס, און דערמיט נאָך מער פאַרגרעסערט די רייען פון די אַרבייטסלאָזע; און אין אַנבאַטראַכט, אַז די יוניאָן, דורך איר פירערשאַפט, האָט געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגליך געווען ניט צו דערלאָזען, אַז דער שאַפּ זאָל אויפגעגעבען ווערען; און נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז דער יוניאָן איז געלונגען איינצוהאַלטען דעם שאַפּ פאַר דעם בענעפיט פון דער מערהייט אַרבייטער, וואָס האָבען געאַרבייט אין דעם שאַפּ, און אויך מעגליך געמאַכט אַז די וואָס זיינען אַוועק זאָלען אויף אַ ברידערליכען אופן באַלוינט ווערען;

דאַרום האָבען מיר געמיינשאַפטליך באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער פולסטען צוטרויען צו דער קאָמיטע פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס פאַר דעם אַרנדזשמענט וואָס זיי האָבען געמאַכט אויף צו סייפען אונזער שאַפּ. מיר דריקען אויך אויס אונזער צוטרויען צו די ברידער בעלסאָן און גאָלוב, און צו ברודער מאָריס פיינבערג, פאַר דער דורכפירונג פון דעם אַראַנדזשמענט, אין דעם שיינעם גייסט אין וועלכען זיי האָבען דאָס געטאָן.

מיר באַשליסען אויך אויסצודריקען אונזער פּראָטעסט און פאַרדאַמונג קעגען די קליינע מענשעלאַך, וועלכע פאַראַדירען אונטער דעם מאַנטעל פון אַקטיווע יוניאָן מעמבערס, און צו דער זעלבער צייט האַנדלען זיי ווי די ערגסטע פיינד פון אונזער יוניאָן, דורך דעם וואָס זיי נעמען אַזאַ טראַגישען פאַל ווי אונזערער, וואָס קיינער איז אין דעם ניט שולדיג, און ווילען אויף אַ דעמאַגאָגישען אופן וואַרפען אַ חשד אויף די פירערשאַפט פון דער יוניאָן. מיר שרייען אויס אַזוי שטאַרק ווי מעגליך צו די שרייבער און רעדאַקטאָר פון דעם „אוואַנגאַרד" — אַז איר זאָגט ניט דעם אמת אין אייער מעשה וועגען אונזער שאַפּ, און ווען איר וואָלט געווען מער פאַראַנטוואָרטליך, וואָלט איך אַזעלכעס ניט געשריבען.

לאַנג לעבען זאָל די יוניאָן מיט איר פירערשאַפט!

אונטערגעשריבען:

די אַרויסגעפאַלענע און פאַרבליבענע אַרבייטער פון סידני קליינפיעלד:

די איבערגעבליבענע אַרבייטער:

מ. האָפמאַן, סי. ווערטשעלאָ, א. סאַנדערס, וו. רובאַקאָוו, ב. סעיד, ס. פיינבערג, דזש. שריבניק, ה. גודמאַן, ה. געלער, מ. וויינשטיין, א. אַלבום, ראָוז פרענק, ט. טערסי, מ. פינקעלשטיין, א. שמעלניצקי.

די אַרויסגעפאַלענע אַרבייטער:

א סאָזלאָו, ה. סאָמבער, ד. טעססער, מ. וויסאָצקי, ה. מאָראָף, ר. שולטץ, דזש. האָפמאַן, י. שוואַרץ, א. טוראַצקי, דזש. סטאַוויטצקי, איב סילווערמאַן.

די איינפיהרונג פון אן איינהייטליכען אגרימענט אין דרעס טרעיד איבער'ן לאנד.

4) אז פרעזידענט דובינסקי זאל באאויפטראגט ווערען צו עטאבלירען א דרעס קאנטראל דעפארטמענט פאר'ן צוועק צו דערגרייכען און דורכצופירען די אויבען־דערמאנטע רעקאמענדאציעס.

איזידאר נאגלער האט באריכטעט, אז דער לעצטער סעזאן פון די קלאוקמאכער איז געווען א זעהר שלעכטער. ער האט אויך אנגעוויזען, אז וואס עס איז נוגע אנדערע מארקעטס, האבען די ניו יארקער קלאוקמאכער געהאט מעהר מזל אין דער הינזיכט פון ספרינג ארבייט. ער האט אונטערשטראכען, אז אלע פאקטען, איינצעלהייטען, ציפערען און אנדערע דעטאלען וועגען דעם צושטאנד פון דער קלאוק אינדוסטריע ווערען איצט פארזיכטיג געזאמעלט פון דער נעשאנעל ריקאווערי באארד. ער האט אנגעוויזען אויף דער גלענצענדער ארבייט וואס עס טוען די ניו יארקער קלאוק־לאקאלס צו העלפען די ארבייטסלאזע.

רעדענדיג וועגען דער לאגע אין ברוקלין, האט ער אנגעוויזען, אז מען קוקט אויף דער דאזיגער פראבלעם מיט פארגרעסערונגס־גלעזער, און אז מען האט זי היבשליך איבערטריבען. דורך געזאמעלטע ציפערען און פאקטען האט ער באוויזען, אז אין ברוקלין זיינען דא בלויז 958 מאשינען אנשטאט 1912, ווי עס איז באריכטעט געווארען, און אז די 958 מאשינען שליסען אויך איין די מאנופעקטשורערס וואס פאבריצירען מעניש סטאיל גארמענטס. ער האט אויך אנגעוויזען, אז אין מאנהעטען ווערט געמאכט 66 פראצענט פון דער גאנצער קלאוק ארבייט.

ער האט אויך אנגעוויזען, אז באדייטענדער פארטשריט איז געמאכט געווארען אין ברוקלין, און אז די פאסארעלא פירמע, ביי וועלכער עס ארבייטען 600 ארבייטער, איז פולשטענדיג ארגאניזירט געווארען.

וועגען דער פארשטענדיגונג, וועלכע איז דערגרייכט געווארען מיט דער אמאלגאמייטעד וועגען מעניש סטאיל גארמענטס האט נאגלער ערקלערט, אז די דאזיגע פארשטענדיגונג האט זיך ניט אזוי גוט אויסגעארבייט, און אז מען וועט דעריבער מוזען טראכטען וועגען אן אנדער פלאן.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם האט דזשארדזש ווישנאק, דירעקטאר פון דעם אווערלעפינג דעפארטמענט, צוגעשטעלט א באריכט צו פרעז. דובינסקי, אין וועלכען ער זאגט, אז די פריהעריגע פארשטענדיגונג וואס איז דערגרייכט געווארען מיט דער אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס יוניאן וועגען דער ארבייט אין אירע שעפער ארבייט ניט ווי געהעריג, און עס איז דעריבער באשלאסען געווארען צו ארגאניזירען די ארבייטער וועלכע זיינען באשעפטיגט אין די מעניש סטאיל שעפער און זיי אריינגעמען אין דער יוניאן אלס פול־בארעכטיגטע מיטגלידער.

לויט דעם פריהעריגען אפמאך מיט דער אמאלגאמייטעד, האט מען די אמאלגאמייטעד מעמבערס געדארפט רעכענען $2.50 דיוס פאר א פעריאדע פון 3 מאנאטען, און אז זיי דארפען זיך באטראכטען אויף א באזיס וועלכער איז באצייכענט אלס א „טעמפארארי רענטעל בעיסיס”. ווישנאק האט ערקלערט, אז אונטער דער דאזיגער סיסטעם האבען די מעניש סוטס־ארבייטער געוואוסט, אז ווען די ארבייט וועט זיך ענדיגען, וועלען זיי מוזען צוריקגעהן אין די אמאלגאמייטעד שעפער און אז די קלאוקמאכער יוניאן וועט ניט האבען קיינע פארפליכטונגען צו זיי.

וועגען דער פראגע וואס האט צו טאן מיט אווערלעפינג אין דרעס־שעפער, האט ווישנאק באריכטעט, אז עס איז א פראגע צו באשטימען וואס אייגענטליך קלאוקס איז, און דאס קען דער אווערלעפינג דעפארטמענט ניט נעמען אויף זיך.

אין א לענגערער רעדע האט איזידאר נאגלער אנגעוויזען, אז די פארזיכערונג, וואס די קלאוקמאכער האבען געקראגען אין דער פראגע פון די דרעס־שעפער איז ניט קיין צופרידענשטעלענדע; אז דאס געלד איז שוין אויסגעשעפט, און אין נאמען פון ניו יארקער דזשאינט באארד האט ער געמאכט פאלגענדע רעקאמענדאציעס:

1. אז אלע פירמעס, וועלכע האבען קאלעקטיווע אדער אומאפהענגיגע אגרימענטס מיט דער ניו יארקער דזשאינט באארד און וועלכע מאנופעקטשורען אויסשליסליך קאוטס און סוטס, זאלען טראנספערירט ווערען צו דער קלאוק דזשאינט באארד און זיין אונטער דער יוריסדיקציע פון דער באארד.

2. אז אלע פירמעס, וועלכע האבען קאלעקטיווע אדער אינדעפענדענט אגרימענטס מיט דער דזשאינט באארד פון דער דרעסמאכער יוניאן און וועלכע מאנופעקטשורען טיילווייז קאוטס און סוטס אין זייערע אינסאיד שעפער אדער אין די סאבסידיערי שעפער, זאלען טראנספערירט ווערען אונטער דער יוריסדיקציע פון קלאוק דזשאינט באארד.

3. כדי דורכצופירען די אויבען־דערמאנטע צוויי פונקטען, ווערט פרעזידענט דובינסקי געבעטען צו באאויפטראגען דעם אווערלעפינג דעפארטמענט צו מאכען א גענויע אויספארשונג אין דעם דרעס־טרעיד, כדי צו באשטימען וועלכע פירמעס אין דעם דרעס־טרעיד פאלען אריין אין דער קאטעגאריע פון אווערלעפינג.

ענטפערענדיג נאגלער'ן, האט דזשוליוס האכמאן אנגעוויזען אויף דעם גוטען ווילען פון דער דרעסמאכער יוניאן אין דער הינזיכט פון וועלען העלפען לייזען די דאזיגע אווערלעפינג־פראבלעם. האכמאן האט אונטערשטראכען פאלגענדע 5 פונקטען:

1) אז א זעהר קליינע צאל דרעס פירמעס מאכען קלאוק גארמענטס, און אז די דרעסמאכער יוניאן איז ניט בכח אפצושטעלען אזא זאך וואס האט צו טאן מיט מאדע.

2) ווען די קלאוקמאכער זיינען צוערשט ארויסגעקומען מיט א געשריי פון קאנקורענץ און האבען אנגעוויזען, אז די באלעבאטים מאכען קלאוקס אין דרעס שעפער, ווייל דארטען קאסט עס ביליגער. „האבען מיר”, האט האכמאן געזאגט, „דעריבער צוגעשטימט אריינצושטעלען א פונקט אין דעם אגרימענט, וועלכער שרייבט פאר, אז אלע אזעלכע גארמענטס דארפען געסעטעלט ווערען אונטער די פונקטען פון דעם קלאוק־אגרימענט. מיר האבען זאגאר גערופען אדזשאסטערס פאר דעם צוועק.

3) אז די דרעסמאכער יוניאן האט גארניט דאגעגען צו טראנספערירען דרעס פירמעס וואס מאכען אויסשליסליכע קלאוק גארמענטס.

4) אז די דרעסמאכער יוניאן האט צוגעשטימט, אז אויב דרעס פירמעס האבען א באשטימטע אפטיילונג צו פראדוצירען קלאוק גארמענטס, דאן דארפען אזעלכע פירמעס זיך אנשליסען אין דער קלאוק אסא־אישאן.

5) די דרעסמאכער יוניאן באשטעהט אויף דעם פונקט: אז אין פאל א דרעס פירמע ווערט טראנספעריט זאל די דאזיגע טראנספע־ירונג אויך זיין גילטיג פאר דער קלאוקמאכער יוניאן.

אויסהערענדיג די ארגומענטען פון ביידע צדדים, האט די גענעראל עקזעקוטיוו באשלאסען, אז דער פרעזידענט זאל אנשטעלען א פראקטישען ספעציאליסט אין דער פראגע, וועלכער זאל באשטימען וועלכע גארמענטס זיינען קלאוקס און וועלכע זיינען דרעסעס. און דערנאך צוזאמענרופען ביידע צדדים און ארויסגעבען אן ענטשיידונג.

## רעזאלוציע וועגען דער סי. אי. א.

איבער דער שטעלונג פון דער אינטערנעשאנאל צו דער סי. אי. א. האט די גענעראל עקזעקוטיוו באארד אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציע:

„דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון דער א. ל. ג. וו. י. זיך צוזאמענקומענדיג צום ערשטען מאל זינט די פרידענס קאנפערענצען צווישען דער קאמיטע אן אינדאסטריעל ארגאניזיישאן און די אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר זיינען אפגעבראכען געווארען לעצטען דעצעמבער, באנוצט זיך מיט דער געלעגענהייט אויסצודריקען איר טיפען באדויערען אויף דעם פארפעלען פון דער ארבייטער באוועגונג צו שליכטען אירע צוויסטיגקייטען.

ביי דער געלעגענהייט וויל די ג. ע. ב. גוטהייסען אן וועלכע עס איז רעזערוואציעס די שטעלונג און די האנדלונג פון פרעזידענט דובינסקי פון אונזער אינטערנעשאנאל, פאר זיין אויסגעהאלטענעם, מוטיגען באשטיין אויף א פרידליכער פארשטענדיגונג צווישען די שטרייטענדע כחות אין דער ארגאניזירטער טרייד־יוניאן באוועגונג.

די טראדיציעס, די פרינציפען און די טאקטיק פון דער אינטערנעשאנאל זיינען אלע מאל געווען געגען שפאלטונגען אין דער ארבייטער באוועגונג און געגען דואל יוניאנס. און איצט מער ווי ווען עס איז פריהער זיינען מיר איבערצייגט, אז ארבייטער איינגקייט איז א לעבענס־נויטווענדיגקייט ניט בלויז פאר דער טרעיד יוניאן באוועגונג, נאר אויך אין די אינטערעסען און פאר דעם וואוילזיין פון גאנצען לאנד.

די ערפאהרונגען פון דעם פארגאנגענעם יאהר, סיי אויף דעם פאליטישען און סיי אויף דעם עקאנאמישען געביט, די אומצעהליגע פארזוכען פון די באלעבאטים צו שניידען דעם ארבייטס־לוין, פארלענגערען די ארבייטס־שטונדען און בכלל צו פארערגערען די ארבייטס־באדינגונגען אין די שעפער, ווי אויך די פאראייניגונג פון אלע רעאקציאנערע עלעמענטען צו באקעמפען פראגרעסיווע געזעצגעבונג — דאס אלץ דארף דינען אלס דער שטארקסטער באוויז, אז ארבייטער־איינגקייט און סאלידאריטעט איז אומגעהויער וויכטיג און שטייגט וויית אריבער אלע אנדערע פראגען, וואס שטעהען איצט פאר די אמעריקאנער ארבייטער.

די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן איז דעריבער טיף איבערצייגט, אז עס איז איהר הייליגע פליכט, ניט קוקענדיג אויף אלע שטרויכלונגען, שטערונגען און אנטוישונגען, פארטצוזעצען איהרע באמיהונגען צו געפינען א מעגליכקייט, וואס וועט פיהרען צו א פאראייניגטער ארבייטער באוועגונג.

פאר דעם צוועק באשטימט די דזשענעראל באארד א קאמיטע פון דריי, באשטעהענד פון לואידזשי אנטאניני, איזידאר נאגלער און דזשוליוס האכמאן צו טאן אלעס מעגליכעס אין דער ריכטונג, אז די שלום קאנפערענצען צווישען דער סי. אי. א. און דער א. פ. אוו ל. זאלען צוריק אנגעפאנגען ווערען.

די פראגע פון באטייליגען זיך אין א קאנווענשאן צו ארגאניזירען א פערמאנענטע, נאציאנאלע ארגאניזאציע פון דער סי אי. א. אין קאנקורענץ מיט דער א. פ. אוו ל. האט די גענעראל עקזעקוטיוו באשלאסען פארלויפיג אפצולייגען, ביז אזא קאנווענשאן וועט גערופען ווערען.

נאך דזשוליוס האכמאנ'ס באריכט האט וויס־פרעזידענט מאקס קאהען, מענעדזשער פון לאקאל 60 באריכטעט, אז זיין לאקאל האט אויסגעטיילט 156 טויזענד דאלאר אין ארבייטסלאזע אינשורענס. און אז איצט האבען זיי איינגעפירט א סיסטעם, אז יעדער ארבייטער, וואס איז באשעפטיגט סטעדי פאר 2 וואכען, זאל ביישטייערען 1 טאג ארבייט פאר די ארבייטסלאזע.

אויף דעם צושריפט פון דער ניט־גודס מאכער יוניאן לאקאל 155, אונטערגעשריבען פון דעם מענעדזשער לואיס נעלסאן און דעם טשערמאן לעווינסאן, בעטענדיג הילף אין פאל עס וועט קומען צו א סטרייק אין טרייד ביים באנייען דעם אגרימענט וועלכער גייט אויס דעם 15טען יולי, האט די גענעראל עקזעקוטיוו באשלאסען צו געבען די ניט־גודס ארבייטער די נויטיגע הילף אין פולער מאס וואס עס וועט זיך פאדערען.

וויס־פרעזידענט לואיס ליוואי, מענעדזשער פון לאקאל 117, האט באריכטעט, אז די דזשאינט באארד וועט געבען א באנקעט צו איזידאר נאגלער, אין צוזאמענהאנג מיט זיין 10־יאריגער ארבייט אין דער קלאוק דזשאינט באארד. ער האט איינגעלאדען די דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד זיך צו באטייליגען אין באנקעט. די באארד האט איינשטימיג אנגענומען די איינלאדונג.

וויס־פרעזידענט פיליפ קרעמער, פון באסטאן, האט אפעלירט צו דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד פאר הילף אין פאל מען וועט מוזען ערקלערען א דזשענעראל סטרייק אין באסטאן; דער קלאוק אגרימענט געהט דארט אויס דעם 30טען מאי, און ער האט באטאנט, אז זיי זיינען גרייט צום קאמף. די באלעבאטים, האט ער געזאגט, האבען ארויסגעשטעלט א פאדערונג פאר איינפירען א „סטאנדארד אוו פראדאקשאן”, אפצושאפען וואך־ארבייט און איינצופירען א סיסטעם פון אפרענטיסעס.

דר. טעפער, פון ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכער איז איינגעשטעלט געווארען לעצטען נאוועמבער, האט פארגעבראכט זעהר אן אינטערעסאנטען באריכט, וועלכער נעמט אריין אלע דערגרייכונגען פון דער גאנצער אינטערנעשאנעל.

די טשיינא עמוירדזשענסי סיוויל רעליף קאמיטע, פון וועלכער מעטיו וואל איז טשערמאן, האט זיך געווענדעט צו דער דזש. ע. ב. מיט א ביטע זיך צו באטייליגען אין דער נאבעלער ארבייט און פארלאנגט, אז פרעז. דובינסקי זאל ערלויבען באנוצען זיין נאמען אין דער דאזיגער ארבייט. דער פארלאנג איז באוויליגט געווארען.

דער יוניאן העלטה סענטער האט צוגעשטעלט א באריכט פון ערפאלגרייכע אויפטואונגען.

די יוניטי הויז האט באריכטעט, אז דער פארגאנגענער זומער איז געווען דער ערפאלגרייכסטען סעזאן אין דער געשיכטע פון דעם זומער־קעמפ פון דער אינטערנעשאנאל. א קליינער דעפיציט איז אבער דא פאר'ן יאהר 1937.

אין א באריכט, וואס לואיס שייפער האט צוגע־

טעל לכבוד זייער ארגאניזער מ. שייפער, וועלכער איז באפרייט געווארען פון טורמע נאכדעם ווי ער איז אפגעזעסען פיר חדשים פאר זיין טעטיגקייט אויף דער פיקעט־ליין אין צייט פון א סטרייק. שייפער איז פארמשפט געווארען אויף א בלבול פון דער ברוקלין טשימבער אוו קאמערס.

לואיס נעלסאן, דער מענעדזשער פון דער יוניאן, לעווענסאן, דער טשערמאן, און א צאל אקטיווע מיטגלידער האבען הארציג באגריסט זייער באפרייטען ארגאניזער מיט ווארימע רעדעס. ביים באנקעט איז אויך געווען א קאמיטע פון דער דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22 און דער געהילפס־מענעדזשער פון דרעסמאכער לאקאל, נייטען מארגאליס, האט באגריסט דעם עהרענגאסט אין נאמען פון לאקאל 22.

א באגריסונגס טעלעגראמע איז אנגעקומען פון פרעזידענט דובינסקי פון מינעאפאליס, אין וועלכער ער באדויערט וואס איבער'ן מיטינג פון דער גענעראל־עקזעקוטיווע קען ער פערזענליך ניט אנוועזענד זיין. טעלעגראמען און פרעזענטען פאר'ן באפרייטען ברודער זיינען אנגעקומען פון א גרויסער צאל ארבייטער פון די שעפער.

אין א רירענדער רעדע האט דער בעל שמחה, דער באפרייטער ארגאניזער, באדאנקט די יוניאן און די מיטגלידער פאר דער פייערליכער אויפנאמע און אפעלירט צו אלע מיטגלידער און פירער פארצוזעצען דעם קאמף פאר יוניאן־באדינגונגען און פאר דער באפרייאונג פון די ארבייטער אין אלגעמיין.

## בעטהראוב ארבייטער קריגען 25 טויזענד דאלער פאר וויקיישאנס

וויס־פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון דער טשילדרען דרעס און בעטהראוב ארבייטער יוניאן לאקאל 91, האט באריכטעט צו דער עקזעקוטיווע, אז די יוניאן וועט באלד אויסטיילען 25,000 דאלאר צו וועלכע צוועלף הונדערט בעטהראוב ארבייטער, מיטגלידער פון לאקאל פאר זייער וואקיישאן־געלט וואס די יוניאן האט פאר זיי געוואונען פון די בעלי בתים אין דעם לעצטען אגרימענט.

מאנאטען לאנג — האט גרינבערג באריכטעט — האט א ספעציעלער סטעף אקאונטענטס אונטערזוכט די פעי־ראלס אין דער בעטהראוב אינדוסטריע, כדי צו באשטימען גענוי ווי פיל געלט עס קומט אריין פון די דריי פראצענט וואס די בעלי בתים צאלען דער יוניאן פאר'ן וואקיישאן־פאנד פאר די ארבייטער. לויט דעם אגרימענט זיינען אלע בעטהראוב ארבייטער, סיי די וואס ארבייטען פון וואך און סיי די שטיק־ארבייטער, בארעכטיגט צו דעם וואקיישאן־געהאלט. אפילו די וואס זיינען איצט ארבייטסלאז אדער האבען געביטען דעם שאפ, זיינען דערצו אויך בארעכטיגט. די טשעקס וועלען אין גיכען אויסגעטיילט ווערען אין אפיס פון דער יוניאן.

זינט לעצטען אויגוסט האבען די בעטהראוב מאנופעקטשורערס געצאלט אין דער יוניאן דריי פראצענט פון זייער פעי־ראל פון די אינסייד־ארבייטער און צוויי פראצענט פון דעם פעי־ראל וואס זיי האבען אויסגעצאלט פאר ארבייט אין אויטסייד־שעפער. די מאנופעקטשורערס זיינען פאראנטווארטליך פאר די צאלונגען פון זייערע קאנטראקטארס.

די סומע געלט, וואס די יוניאן האט שוין צוזאמענגענומען פאר דעם צוועק, פארזיכערט, אז יעדער ארבייטער פון דעם טרייד וועט קריגען אויסגעצאלט ארום צוואנציג דאלאר פאר איין וואך וואקיישאן, — האט גרינבערג דערקלערט.

נאכפאלגענדיג דעם ביישפיל פון די בעטהראובמאכער, האבען 15 הונדערט טשילדרען דרעסמאכער, מיטגלידער פון לאקאל 91, וועלכע ארבייטען אין די וויכטיגסטע אינדעפענדענט שעפער, אויך איינגעשטעלט א וואקיישאן־פאנד. די פינף טויזענד טשילדרען דרעסמאכער, וואס ארבייטען אין אסאסיאיישאן־שעפער, ווארטען פאר דער אנטשיידונג איבער דער פראגע פון דעם אומפארטייאישען טשערמאן, דר. אייבעלסאן. די פירער פון דער יוניאן זיינען זיכער, אז די ענטשיידונג וועט זיין א גינסטיגע פאר דער יוניאן. ווען די ערווארטונגען זאלען פארווירקליכט ווערען וועלען ארום אכט טויזענד מעמבערס פון לאקאל 91 קריגען היינטיגס יאר וואקיישאן־געצאלט.

## קארסעט ארבייטער קריגען איבער $2,000 ווען באס שיקט ארויס ארבייט

לויט אן אנטשיידונג פון דעם אימפארשיאל טשערמאן פון דער קארסעט און בראזיר אינדוסטריע, מעקסוועל קאפעלאף, מוז די פירמע „גלוקין קארפארייש‏אן", פון 11 וועסט 19טע סטריט, באצאלען אירע ארבייטער די סומע פון צוויי טויזענד ניין און דרייסיג דאלאר מיט 52 סענט שאדענערזאץ, דערפאר וואס די פירמע האט ארויסגעשיקט זייער ארבייט אין אן אויטסייד־שאפ וואס זי האט ניט געהאט קיין רעכט צו טאן לויט דעם אגרימענט מיט דער קארסעט און בראזיר ארבייטער־יוניאן לאקאל 32.

אין דעם אגרימענט וואס די יוניאן האט ניט לאנג צוריק געשלאסען מיט די בעלי בתים איז פאראן א פונקט, אז קיין ארבייטס־געבער טאר ניט ארויסשיקען ארבייט אין אוטסייד שעפער סיידען זיינע בעל מלאכות אין דעם אינסייד שאפ האבען גענוג ארבייט. מאנכע מאנופעקטשורערס האבען זיך אבער געמאכט ניט ווייסענדיג פון דעם פונקט און האבען ווייטער אנגעהאלטען די מאדע פון ארויסשיקען ארבייט אין אוט־אוו־טאון שאפס וואו די סטאנדארדס פון די ארבייטער זיינען נידעריגער ווי אין ניו יארק. צווישען די איז אויך געווען די „גלוקין קארפארייש‏אן". די יוניאן האט פרובירט איינ'טענה'ן מיט דער פירמע און איר באוועגען נאכצוקומען אירע פארפליכטונגען אונטער'ן אגרימענט. דאס האט אבער ניט געהאלפען. די יוניאן האט דאן פארקלאגט די פירמע צו דער אסאסיאיישאן און געפאדערט די קלאגע זאל איבערגעגעבען ווערען צום אימפארשיאל טשערמאן.

נאך לאנגע און גרינדליכע פארהערען און א פאלשטענדיגער אונטערזוכונג, ביי וועלכע די יוניאן איז געווען פארטראטען פון מענעדזשער איבערעהעם סניידער און דעם ביזנעס־אגענט פון דעם שאפ, ברעסלאו, איז פעסטגעשטעלט געווארען אז די פירמע האט ארויסגעשיקט א מאסע ארבייט, אין אויטסייד שעפער אין דער צייט וואס אירע ארבייטער אינסייד האבען ניט געהאט גענוג ארבייט. דער אימפארשיאל טשערמאן האט דאן ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג, אז די פירמע איז שולדיג אין איבערטרעטען דעם אגרימענט און האט זיי פאר'משפט צו באצאלען $2,039.52 צו די ארבייטער פאר דעם פארלוסט אין פארדינסטען וואס זיי האבען דורך דעם געליטען.

רעדענדיג וועגען דער ענטשיידונג פון דעם אימפארשעל טשערמאן, האט מענעדזשער סניידער דערקלערט, אז דאס איז אן אויסערגעוויינליכער זיג פאר דער יוניאן און פאר די ארבייטער. „די ענטשיידונג וועט איבערצייגען די ביסעל טשיזלערס, וואס מיר האבען צווישען די מאנופעקטשורערס, אז די יוניאן וועט זיי ניט ערלויבען זיך ארויסצודרייען פון זייערע פארפליכטונגען אונטער'ן אגרימענט און יעדעס מאל וואס איינער וועט עס טאן, וועט ער מוזען לידען די קאנזעקווענצען", האט סניידער געזאגט.

אן אנטשיידונג פון דער לייבאר רילייש‏אנס באארד אין א צווייטען פאל געגען א בראזיר־מאנופעקטשורער, די „יוניוואירסעל בראזיר קא.", 1 איסט 33טע סט., איז אויך פון וויכטיגער באדייטונג פאר דער בראזיר ארבייטער יוניאן. די ענטשיידונג באפעלט דער פירמע צוריק אנצושטעלען צו דער ארבייט 13 ארבייטער פון איר שאפ אין בעלמאר, וועלכע זי האט אנטזאגט פאר יוניאן־טעטיגקייט, און מער ניט דיסקרימינירען געגען ארבייטער פאר באלאנגען צו דער יוניאן.

די געשיכטע מיט דער פירמע איז ווי פאלגט:

ווען דער לעצטער אגרימענט אין קארסעט און בראזיר טרייד איז אויסגעגאנגען, האט די פירמע פארקלענערט די צאל ארבייטער אין דעם ניו יארקער שאפ צו בלויז א גאנץ קליינע צאל און האט געעפענט א שאפ אין בעלמאר, ניו דזשוירזי. די פירמע האט זיך אנטזאגט צו באנייען דעם אגרימענט מיט דער יוניאן.

דער אוט־אוו־טאון דעפארטמענט אונטער דער פירערשאפט פון וויס־פרעזידענט הערי וואנדער האט דעם שאפ אין בעלמאר דערקלערט אין סטרייק סוף 1937. דער סטרייק איז ניט געווען ערפאלגרייך, טראץ דעם וואס לאקאל 32 האט אים געשטיצט דורך ארונטערנעמען אין סימפאטיע־סטרייק די ארבייטער פון דעם ניו יארקער שאפ פון דער זעלבער פירמע. נאך פיר וואכען איז די קארסעט־ און בראזיר־ארבייטער יוניאן געווען געצוואונגען צוריקצושיקן די ארבייטער ווייל דער אגרימענט איז נאך געווען אין קראפט. דער אוט־אוו־טאון דעפארטמענט האט אבער דעם סטרייק אין בעלמאר אנגעהאלטען, פאדערענדיג אז די פירמע זאל די דרייצען סטרייקער צוריקנעמען. די פירמע האט עס אנטזאגט און די יוניאן האט איר אנגעקלאגט אונטער'ן לייבאר־עקט.

איצט האט די באארד ארויסגעגעבען איר אנטשיידונג, וועלכע באפעלט דער פירמע צוריקנעמען צו דער ארבייט די דרייצען אנטזאגטע ארבייטער און באצאלען זיי פאר דער צייט וואס זיי האבען פארלארען דורך שטיין אין דרויסען; אויפצוהערען דיסקרימינירען געגען ארבייטער דערפאר וואס זיי באלאנגען אדער זיינען טעטיג אין דער יוניאן; און אויפהענגען א נאטיס אין אן אנזיכטבארען פלאץ אין דער פעקטארי, אז די פירמע וועט מער ניט פארפאלגען די ארבייטער פאר באלאנגען צו דער יוניאן.

## היים ארבייט פארבאטען אין ארטיפישעל פלאוער טרייד אין ניו יארק סטייט

דער שווערער און ענערגישער קאמף וואס די ארטיפישעל פלאוער וואירקערס יוניאן לאקאל 142 פון דער אינטערנעשאנאל האט אנגעפירט צוזאמען מיט אנדערע פראגרעסיווע ארגאניזאציעס צו באפרייען די קינדער־שקלאפען אין דעם קינסטליכען בלומען־טרייד אין ניו יארק, איז ענדליך געקרוינט געווארען מיט ערפאלג. לויט דעם באפעל פון סטייט לעיבאר קאמישאנער ענדריוס, איז היים־ארבייט אין דעם טרייד פארבאטען געווארען. דער פארבאט איז אריין אין קראפט מאנטאג, דעם צווייטען מאי.

דזשאזעף טאוווים, מענעדזשער פון לאקאל 142, וועלכער האט אנגעפירט דעם קאמפיין צו פארבאטען די היים־ארבייט דורך דעם געזעץ, ערקלערט, אז ווערניגסטענס 1500 פון דערוואקסענע ארבייטער וועלכע פלעגען ארויסנעמען ארבייט אויף בלומען אין דער היים און האבען דורך זייער קאנקורענץ ארונטערגעדריקט די ארבייטס־סטאנדארדס פון די שאפ־ארבייטער אין דעם טרייד, וועלען אריינגעצויגען ווערען אין די שעפער און וועלען ארבייטען קירצערע שטונדען פאר העכערע שכירות און מענשליכע באדינגונגען. דאס וועט אן ספק אויפהויבען דעם גאנצען לעבענס־סטאנדארד פון די ארבייטער און סטאביליזירען דעם טרייד.

אין די ווייניגע אויסנאמס פאלען וואו היים־ארבייט וועט נאך אלץ ערלויבט ווערען, איז עס אזוי ארומגעצאמט מיט פארהיטונגס־מאסנאמען, אז די פראקטיק צו באשעפטיגען קליינע קינדער נאך סקול־צייט און שבת און זונטאג וועט פאקטיש זיין אוממעגליך. דער באפעל זאגט אויך אויסדריקליך, אז די היים־ארבייטער דארפען קריגען באצאלט פאר דער ארבייט די זעלביגע פרייזען ווי די, וואס די ארבייטער קריגען אין די פעקטאריס. דאס שאפט אפ די קאנקורענץ זייערע מיט די פעקטארי־ארבייטער.

די אונטערזוכונג וואס דער סטעיט לייבאר דעפארטמענט האט דורכגעפירט וועגען די באדינגונגען אין דעם קינסטליכען בלומען־טרייד איידער דער פארבאט אי זארויסגעבראכט געווארען, האט קלאר ארויסגעבראכט אזוינע פאקטען פון עקספלואטאציע און אוממענשליכע באדינגונגען אז די האר שטעלען זיך קאפויר. מיט קאלטע ציפערען און פאקטען איז באוויזען געווארען, אז א העלפט פון אלע ארבייטער וואס האבען ארויסגענומען בלומען צו מאכען אין דער היים האבען פארדינט ווייניגער ווי 16 סענט א שטונדע; ארום 16 פראצענט פון די ארבייטער האבען פארדינט ווייניגער ווי צען סענט א שטונדע; געווען אויך אזוינע וואס האבען פארדינט ניט מער ווי פינף סענט א שטונדע. דורך דער אונטערזוכונג זיינען אויפגעדעקט געווארען פאלען וואו סקול־קינדער אין עלטער פון 12 און 13 יאר האבען געארבייט 50 און 70 שטונדען א וואך.

לויט דער איצטיגער פארארדנונג וועלען קריגען פערמיטס צו ארבייטען אין די היימען בלויז אזוינע וואס האבען שוין פריהער געהאט אזוינע פערמיטס און בלויז אזוינע וואס איבער עלטער, קראנקהייט אדער אנדערע אומשטענדען קענען זיי ניט גיין ארבייטען אין א שאפ. קיין באס קען ניט באשעפטיגען מער ווי איין היים־ארבייטער אויף יעדע צען ארבייטער וואס ער באַ־

# וואָס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאָנאַל



מערקווירדיגע פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דינסטאָג, דעם 17טען מאַי, בייטאָג, אין סענטער האָטעל. אַ פאַרזאַמלונג, וואָס סיי לויט איר צוועק און סיי לויט דער שטימונג איז זעלטען צו טרעפען אין די אַרבייטער יוניאָנס. ארום 1400 אַרבייטסלאָזע קלאָוק אָפּערייטאָרס זיינען זיך צונויפגעקומען אויף דעם רוף פון זייער יוניאָן, לאָקאַל 117, אויסצוהערען אַ באַריכט וועגען דער סומע געלט וואָס דער לאָקאַל האָט איינגעמאָנט פאַר'ן טעקס פאַר די אַרבייטסלאָזע און קריגען אינפאָרמאַציע ווען און ווי אַזוי דאָס געלט וועט זיי אויסגעצאָלט ווערען. די שטימונג פון די פאַרזאַמעלטע און פון די פירער וועלכע האָבען זיי אַדרעסירט, איז געווען אַ מוסטער פון אמת־ברידערליכער הילף, וואָס ווערט געגעבען און ערהאַלטען אָן דערנידערונג, ניט קיין צדקה, נאָר עטוואָס וואָס איז זעלבסט־פאַרשטענדליך און צו וועלכעס יעדער מעמבער וואָס איז אַרבייטסלאָז געווען דעם סעזאָן איז באַרעכטיגט.

טשערמאַן פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דעיוו רובין, דער סעקרעטער פון דער קאָמיטע וועגען אַרבייטסלאָזע. דער הויפּט רעדנער איז געווען לואיס ליווי, דער מענעדזשער פון לאָקאַל. ער האָט באַריכטעט, אַז דער טעקס האָט אריינגעבראַכט ארום 70,000 דאָלאַר און אַזוי ווי די צאָל אַרבייטסלאָזע איז געווען גליקליכערווייז קלענער ווי מען האָט אין אָנהויב ערוואַרטעט, האָט די קאָמיטע געפונען פאַר מעגליך אויסצוצאָלען יעדען מיט פינף דאָלאַר מער ווי מען האָט אין אָנהויב גערעכענט. אויסגעצאָלט ווערען וועט צו די מיטגילדער וואָס האָבען אין גאַנצען קיין שפּעט ניט געהאַט דעם סעזאָן און האָבען גאַרניט פאַרדינט, צו 85 דאָלאַר יעדען; די וואָס האָבען פאַרדינט ביז הונדערט דאָלאַר, וועלען קריגען צו 65 דאָלאַר; די וואָס האָבען דורכ'ן סעזאָן פאַרדינט ביז צוויי הונדערט דאָלאַר — 55 דאָלאַר, און די וואָס האָבען געמאַכט ביז דריי הונדערט דאָלאַר — צו 45 דאָלאַר. די געלט, האָט ער אַנאָנסירט, וועט אויסגעצאָלט ווערען אין אָפּיס פון קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל, 242 וועסט 36טע סטריט, אין די נעקסטע פאָר טעג, אָנפאַנגענדיג דאָנערשטאָג, דעם 19טען מאַי. יעדער רעדזשיסטרירטער מיטגליד האָט געקראָגען אַ בריף מיט אַ נומער און עס וועלען אַטענדעט ווערען ארום 400 אַ טאָג.

אַלע רעדנער, וועלכע האָבען אַדרעסירט די פאַרזאַמלטע, האָבען הויפּטזעכליך אונטערשטראָכען דעם כאַראַקטער וואָס די יוניאָן־הילף טראָגט. זיי האָבען אָנגעוויזען, אַז קיינער דאַרף די הילף ניט באַטראַכטען ווי צדקה אָדער ווי־אַ געשאַנק. יעדער מעמבער ווען ער אַרבייט, דאַרף ער פילען אַלס זיין פליכט אַלס יוניאָן־מאַן צו טיילען זיך מיט די וואָס זיינען אַרבייטסלאָז דורך ארויפנעמען וואָס מער אַרבייטער אין שאָפּ אוןביישטייערן אַ טייל פון זיינע פאַרדינסטען צו די וועניגער גליקליכע ברידער זיינע. די וואָס זיינען אויסער אַרבייט נעמען ניט קיינעמס אויסער זייער אייגענע וואָס עס קומט זיי. די רעדנער האָבען אויך אַלע אָנגעוויזען ווי וויכטיג עס איז, אַז די אַרבייטער זאָלען זיך אינטערעסירען מיט דער יוניאָן און באַזוכען רעגעלמעסיג די יוניאָן־פאַרזאַמלונגען.

אויסער דעם מענעדזשער פון לאָקאַל האָבען אויך פאָלגענדע מיטגלידער אַדרעסירט די פאַרזאַמלטע: ב. קאַפּלאַן, י. באַרוכאָוויץ, מאָריס פיינבערג, אב. בעלסאָן, י. סטענזאָר און י. עסקין.

ביים סוף פון מיטינג האָט מאָריס קאַנאָוויץ, איינער פון די אַלטע מיטגלידער פון דער יוניאָן, פאָרגעשלאָגען פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען פון די פאַרזאַמלטע אונטער שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען:

מיר, די אַרבייטסלאָזע מיטגלידער פון לאָקאַל 117, אַ.ל.ג.װ.י., פאַרזאַמעלט ביי אַ מיטינג דינסטאָג, דעם 17טען מאַי, 1938, אין סענטער האָטעל, 108 וועסט 43טע סטריט, אויסהערענדיג דעם באַריכט פון אונזער מענעדזשער ברודער ליווי וועגען דער סומע געלט וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען פון דעם 10 דאָלאַר־טעקס און דעם באַשלוס וויפיל אויסצוצאָלען צו די אַרבייטסלאָזע מיטגלידער, ערקלערען פאָלגענדעס:

עס איז ניט דעם ערשטען מאָל, אַז די אַדמיניסטראַציע פון אונזער לאָקאַל, אונטער דער אָנפירונג פון ברודער ליווי, זאָל זיין פון די ערשטע און אין צייט צו העלפען די מיטגלידער פון אונזער לאָקאַל. אין דעם איצטיגען פאַל האָבען זיי זיך פשוט איבערטראָפען.

אַזוי שנעל ווי עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען ווייזען סמנים פון אַ שוואַכען סיזאָן איז ברודער ליווי גלייך געווען אויף דער וואַך און פאָרגעשלאָגען מען זאָל גלייך זען ארויסצוהעלפען די נויט־ליידענדע מיטגלידער.

מיר ווייסען מיט וואָס פאַר אַ גוואַלדיגער אָנשטרענגונג און אימפּעט עס איז אַלעמען אויסגעקומען צו אַרבייטען, צוליב דער שלעכטער צייט, צו קאָלעקטען דעם טעקס. נאָר פון איין זייט, אַ דאַנק דעם שטאַרקען פאַרלאַנג פון דער לאָקאַל אַדמיניסטראַציע צו העלפען די באַדערפטיגע און פון דער צווייטער זייט די טראַדיציאָנעלע ברידערליכע באַציהונג פון גegenזייטיגער הילף פון אונזערע מיטגלידער, האָט מעגליך געמאַכט צו זאַמלען אין אַזאַ קורצער צייט ארום 80 פּראָצענט פון דעם טעקס אין אַ סעזאָן וואָס איז געווען איינער פון די ערגסטע אין דער געשיכטע פון דער קלאָוק־אינדוסטריע.

לויט דעם באַריכט פון אונזער מענעדזשער, ווערט די גאַנצע סומע וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען צו אונז אויסגעצאָלט. מיר באַטראַכטען די סומע וואָס איז באַשטימט געוואָרען אַלס הילף פאַר יעדע קאַטעגאָריע אַלס אַ יושר'דיגע און ברידערליכע איינטיילונג. די אמת־פריינדליכע האַנט וואָס די פירער פון אונזער לאָקאַל האָבען צו אונז אויסגעשטרעקט און געזען אַז מיר זאָלען כאָטש טיילווייז ארויסגעהאָלפען ווערען אין דער איצטיגער שלעכטער צייט, איז פאַר אונז אַ דערמוטיגונג און וועט נאָך מער פאַרשטאַרקען אונזער צוטרויען אין דער פירערשאַפט פון אונזער לאָקאַל ווי אין דער יוניאָן אַלס אַ גאַנצע.

ברודער ליווי און אַלע וואָס שטייען מיט אייך אין דער אַדמיניסטראַציע פון אונזער לאָקאַל, — מיר שטרעקען אייך אויס די הענט און גיבען אייך אַ האַרציגען דאַנק פאַר די אמת־ברידערליכע הילף וואָס איר האָט אונז געגעבען און אין צייט. זייט פאַר אייער גוטע אַרבייט אין דער יוניאָן, מיר שטייען מיט אייך!

ווי די קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן אַנאָנסירט, איז צו די רעדזשיסטרירטע אַרבייטסלאָזע אויסגעצאָלט געוואָרען ארום 65,000 דאָלאַר. די איבעריגע 5,000 דאָלאַר ווערט געהאַלטען אין לאָקאַל, צו שטיצען נויט־באַדערפטיגע מעמבערס וועלכע וועלען זיך ווענדען נאָך הילף.

## דרעס דזשאָבערס באַשטראָפט מיט 15,000 דאָלער

דער אימפּאַרשיאַל טשערמאַן פון דער דרעס אינדוסטריע, הערי יאַוועליר, האָט נאָך לאַנגע פאַרהערען באַשטעטיגט די קלאַגע פון דער דרעס דזשאָינט באָארד געגען דעם דרעס דזשאָבער „לאַמאַ דרעס, אינק." און איר סובסידיערי, די „דענדי דרעס קאָ." און זיי פאַרמשפּט צו צאָלען דער יוניאָן 15,000 דאָלאַר שאָדענערזאַץ פאַר פאַרברעכענס געגען דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט מיט דער יוניאָן.

די צוויי פירמעס זיינען געפונען געוואָרען שולדיג אין אָנגעבען נידעריגערע פּרייזען אויף דרעסעס ביים סעטלען פּרייזען פאַר דער אַרבייט און אַזוי ארום אָפּגענאַרט די אַרבייטער און זיי געצאָלט וועניגער ווי עס האָט זיי געקומט לויט'ן אַגרימענט; אין ארויסגעבען אַרבייט צו ניט־רעגיסטרירטע קאָנטראַקטאָרס און צאָלען די אַרבייטער וועניגער פון מינימום סקעיל; אין פעלשען די ביכער אום אָפּצונאַרען דער יוניאָן און באַהאַלטען רעקאָרדס.

אין דער אונטערזוכונג וואָס די אַקאַונטענטס פון דער דרעס דזשאָינט באָארד האָבען געמאַכט וועגען די האַנדלונגען פון די צוויי דזשאָבערס, האָבען זיי אויפגעדעקט אַז די פירמעס האָבען געהאַט דריי פולע סעטס ביכער, אויסער די ביכער וואָס זיי האָבען געוויזען די יוניאָן־אַקאַונטענטס. אַן אונטערזוכונג פון די באַהאַלטענע ביכער האָבען באַשטעטיגט דעם חשד פון דער יוניאָן, אַז די פירמעס האָבען באַרויבט זייערע אַרבייטער אויף טויזענטער דאָלאַר דורך ניט־דערצאָלטע ווידזשעס. עס איז באַוויזען געוואָרען, אַז זיי האָבען געצאָלט די אַרבייטער ביליגערע פּרייזען ווי די וואָס די פאַרטרעטער פון דער יוניאָן האָבען מיט זיי געסעטעלט. די פירמעס האָבען אויך פאַרקויפט דרעסעס פאַר $4.75 וועלכע זיי האָבען אָנגעגעבען ביים סעטלען אַלס $2.87 דרעסעס און זיינען דערפאַר געסעטעלט געוואָרען אויף ביליגערע אַרבייטס־פּרייזען.

די קלאַגען געגען די צוויי פירמעס האָבען זיך געצויגען ארום אַכט מאָנאַטען; אָריגינעל איז די קלאַגע געווען, אַז די פירמעס באַהאַלטען רעקאָרדס. דער אימפּאַרשיאַל טשערמאַן האָט באַפוילען די פירמעס צוצושטעלען די פאַרלאַנגטע ביכער, אָבער די בעלי־בתים האָבען זיך אָנטזאָגט. אַנשטאָט צושטעלען די ביכער, האָבען זיי אָנגעבאָטען צו סעטלען מיט דער יוניאָן פאַר אַ באַשטימטער סומע שטראָף. די יוניאָן האָט זיך אָנטזאָגט און דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן האָט זיי ערקלערט, אַז ער וועט ניט אָננעמען קיין סעטלמענט ביז זיי וועלען צושטעלען אַלע ביכער און דאָקומענטען אום פעסטצושטעלען אויף ווי פיל זיי האָבען אָפּגענאַרט די אַרבייטער. ערשט ווען די יוניאָן האָט געסטראָשעט מיט אַ סטרייק איז די פירמע וויכער געוואָרען און האָט איבערגעגעבען די אַקאַונטענטס פון דער יוניאָן פולע דריי סעטס ביכער וואָס זיי האָבען אָנגעהאַלטען אַפילו מיט באַזונדערע ביינק־אַקאַונטס. עס איז אויך די באַווייזען פון די ביכער וואָס דער אימפּאַרשיאַל טשערמאַן האָט זיי באַשטראָפט מיט 15 טויזענד דאָלאַר.

## קלאַגען געגען פירער פון ניט־גודס יוניאָן ארויסגעוואָרפען פון געריכט

נאָך אַ טרייעל וואָס האָט געדויערט פינף טעג אין ספּעשעל סעשאָנס געריכט, איז דער מענעדזשער פון דער יוניאָן און פיר אַנדערע טוער אויף וועלכע אַ באָס געגען וועלכען זיי האָבען אָנגעפירט אַ סטרייק האָט געמאַכט אַ בלבול, באַפרייט געוואָרען. די באַפרייטע זיינען: לואיס נעלסאָן, מענעדזשער פון דער ניט־גודס אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 155 פון דער אינטערנעשאָנאַל; דזשעק זינגבערג, ביזנעס אַגענט פון דער יוניאָן; דזשאָו ראַפּאַפּאָרט, פריהערדיגער אָרגאַנייזער; איזידאָר טרמאַן און דוד ראָזען.

די קלאַגע געגען די יוניאָן־פירער איז ארויסגעקומען דורך אַ ביטערען סטרייק וואָס די ניט־גודס מאַכער יוניאָן האָט אָנגעפירט געגען דעם קוירטעד מאַנופעקטשורער „לואיס האַרניק און קאָמפּאַני" אין 1936. דער באָס האָט באַשולדיגט די פירער פון דער יוניאָן און נוצען געוואַלד־מיטלען, סטראַשונקעס און אין קידנעפּען אַ סטרייק־ברעכער.

פינף טעג צייט האָט זיך דער טרייעל געצויגען אין ספּעשעל סעשאָנס. דער באָס מר. האַרניק איז אויפגעטראָטען אַלס עדות געגען די אָנגעקלאָגטע און מיט אים צוזאַמען זיינען אויפגעטראָטען אַ צאָל עדות וואָס זיינען אויפגעטראָטען פאַר דער גרענד דזשורי און אויף וועמעס עדות־זאָגען די אינדייטמענטס זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען. פאַר דער פאַרטיידיגונג זיינען אויפגעטראָטען אַלס עדות פּרעזידענט דובינסקי פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַסעמבלימען נאַטאַניעל מינקאָף, פון דער דרעסמאַכער יוניאָן, און די אָנגעקלאָגטע אַליין. דינסטאָג, דעם 17טען מאַי, האָט דאָס געריכט ארויסגעוואָרפען די קלאַגען אויף דעם פאַרלאַנג פון דעם לאָיער פון דער יוניאָן, מר. נאָעל, פון דער פירמע „מאַרקאָוויץ ענד נאָעל".

## פייערליכע אויפנאַמע פאַר באַפרייטען אָרגאַנייזער מ. שייפער

זונטאָג, דעם 22טען מאַי, האָט די ניט־גודס יוניאָן לאָקאַל 155 אַראַנזשירט אַ באַנקעט אין סענטער האָ־

נייען דעם אגרימענט, האט די יוניאן געהאט ווייניגער טראבעל. דער סיזאן ביי דרעסעס איז געווען א בעסערער ווי ביי קלאוקס, כאטש מאנכע פירמעס האבען ניט געהאט כסדר גענוג ארבייט. איין גרויסע פירמע — די סופיריאר פראקס, — האט זיך אויפגעגעבען אבער האט זיך נאכדעם צוריק געעפענט אונטער א נייעם נאמען און ארבייט איצטער גאנץ ערפאלגרייך. עס האבען זיך אויך געעפענט צוויי נייע דרעס שעפער וועלכע מאכען אויסשליסליך $6.75 דרעסעס.

אין דער עמבראידערי אינדוסטרי אין קליוולענד האבען זיי אויך געקראגען א העכערונג פון זיבען פראצענט אויף די שכירות. ליידער זיינען די באדינגונגען געווען אזוינע, אז ניט אלע ארבייטער האבען געקענט דערפון געניסען. די באנאז אפערייטארס האבען געהאט זייער ווייניג ארבייט. די אנדערע צווייגען פון דעם טרייד, ווי פליטערס, סטיטשערס, טאקערס און בעלט מייקערס האבען געהאט נישקאשעדיג ארבייט.

די יוניאן האט אויך באנייט דעם אגרימענט מיט די עטליכע ארגאניזירטע קאטאן דרעס שעפער אין קליוולאנד. עס איז אבער געווען פיל שוועריגקייטען אין אנהאלטען דארט יוניאן באדינגונגען ווייל די בעלי־בתים האלטען אין איין קלאגען אז זיי ליידען פון דער קאנקורענץ פון די ניט־ארגאניזירטע שעפער אין דעם טרייד.

## אין די ארומיגע שטעט קאנאט, טאלידא, לימא, דעיטאן

אין קאנאט איז דער אגרימענט ניט לאנג צוריק באנייט געווארען פאר צוויי יאר און עס זיינען געמאכט געווארען אראנדזשמענטס פאר נענטערער מיטארבייטערשאפט צו קריגען פאר זיי מער ארבייט. לאקאל 175 איז אן אויסגעצייכענטער אקטיווער לאקאל און טוט גוטע ארבייט.

אין טאלידא, וואו דער „קאהען, פרידלענדער און מארטין" שאפ האט זיך געהאט אויפגעגעבען און זיך צוריק געעפענט דורך די באמיהונגען פון דער יוניאן, זיינען די רעזולטאטען פארהעלטניסמעסיג ניט שלעכט. צוליב דעם וואס דער שאפ האט זיך צו שפעט אין סעזאן צוריק געעפענט האבען זיי נאטירליך קיין פולע וואכען ארבייט ניט געהאט. אבער די מערסטע פון זיי האבען געהאט צו עטליכע טעג ארבייט א וואך און מאנכע האט די יוניאן אריבערגעשיקט נאך סינסינעטי פאר'ן סעזאן. די אויסזיכטען פאר'ן קומענדען סעזאן אין טאלידא זיינען גוטע.

דער לאקאל אין לימא, האט דורך קאטאווסקי'ס באמיהונגען די לעצטע צייטען אויפגעלעבט. פון א שוואכען, פארשלאפענעם לאקאל, וואו זייער ווייניגע מעמבערס פלעגען קומען צו א מיטינג, איז עס איצט אן ענערגישער לאקאל פון יוניאן באוואוסטזיניגע מיטגלידער וועלכער האלט זיך אפילו פינאנציעל זעלבסטשטענדיג, טראץ דעם וואס זיי האבען ניט געהאט פיל ארבייט.

אין דעיטאן האט ארגאניזער דייוויד סאלאמאן, דער מענעדזשער פון סינסינעטי לאקאל אריינגעלייגט א מאסע ארבייט, איידער און נאכדעם ווי דער לאקאל איז געטשארטערט געווארען. אין פעברואר איז דער יוניאן געלונגען אריינצונעמען די מערסטע ארבייטער פון דער „דעיטאן דרעס קאמפאני", די איינציגע פירמע וואס איז דא אין שטאט און זיך געווענדעט צו דער רידזשאנעל לייבאר באארד, צו באשטעטיגען די אינטערנעשאנעל אלס די פארטרעטערין פון די ארבייטער פון שאפ. נאך איינינגע קאנפערענצען איז גענומען געווארען אן אפשטימונג און די יוניאן האט געקראגען 148 שטימען פון די 210 ארבייטער וואס זיינען געווען בארעכטיגט צו באטייליגען זיך. קיין אגרימענט איז נאך דערווייל מיט דער פירמע ניט געשלאסען געווארען. מען קען זיך דערווייל ניט איינינגען איבער דער פאדערונג פון קלאוזד שאפ און ווייגדזש סקעילס. די יוניאן פירט אן די פארהאנדלונגען לאנגזאם ווייל עס איז איצט נישקא פיל ארבייט אין טרייד. די אויסזיכטען זיינען אבער גוטע.

## באקעמפען א פעיק יוניאן אין סינסינעטי

אין סינסינעטי איז דער קלאוק סעזאן געווען ניט שלעכט. עס האט זיך דא געעפענט א נייער שאפ און די בעלי בתים פארשפרעכען אז עס וועט זיין א פולער יוניאן שאפ מיט אלע באדינגונגען פון דער ריקאווערי באארד. דער אגרימענט מיט דער „שייפער גארמענט קאמפאני" איז באנייט געווארען פאר'ן יאר.

די שוועריגקייטען מיט דער „פעשאן פראק" זיינען נאך אלץ ניט געלעזט. אין אנהויב יאנואר האט די לייבאר באארד באפוילען דער פירמע אויפצולעזען זייער קאמפאני יוניאן. דער באפעל איז ארויסגעגעבען געווארען אהן א פארמעלען פארהער איבער די שטארקע באווייזען וואס די יוניאן האט צוגעשטעלט געגען דער קאמפאני. טראץ דעם אבער, איז נאך איידער די טינט האט זיך אפגעטריקענט אויפ'ן באפעל, האט זי שוין ארגאניזירט א נייע קאמפאני יוניאן אונטער א שפאגעל נייעם נאמען, און די מאכעריקע פארלאנגט איצטער פון דער לייבאר רילעישאנס באארד אז זי זאל עס אנערקענען אלס די ריכטיגע יוניאן פון די ארבייטער. די לייבאר באארד האט אבער אפגעלייגט דעם פארהער פאר אן אומבאשטימטער צייט, צו געבען דער אינטערנעשאנעל די מעגליכקייט צוצושטעלען גענוגענדע באווייזען אז די נייע באשעפעניש איז די זעלביגע אלטע קאמפאני יוניאן אונטער א נייער מאסקע.

## טויזענדער באזוכען אינטערנעשאנאל אפטיילונג ביים א. פ. ל. יוניאן לייבעל אויסשטעלונג אין סינסינעטי

טויזענטער איינוואוינער פון סינסינעטי און ארומיגע שטעט האבען דעם 16טען מאי באזוכט די אויסשטעלונג פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר וואס איז איינגעארדענט געווארען אין סינסינעטי צו אגיטירען פאר דעם פארלאנג פון סחורות מיט'ן יוניאן לייבעל. אזוילכע אויסשטעלונגען ווערען איצט אפגעהאלטען אין פארשידענע שטעט פון לאנד אונטער'ן אויפזיכט פון דעם יוניאן לייבעל דעפארטמענט פון דער פעדעריישאן.

די גרעסטע צאל באזוכער האט דארט צוגעצויגען די אפטיילונג פון דער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן ביי דער אויסשטעלונג וועלכע שטייט אונטער דעם אויפזיכט פון וויים־פרעזידענט קאטאווסקי פון קליוולאנד. די אינטערנעשאנעל האט ביי דער אויסשטעלונג איינגעארדענט א רעגולערן שאפ פון קלאוקס און דרעסעס און א צאל מיטגלידער פון דער יוניאן אפערייטען, פינישען און פרעסען קליידער צו געבען די באזוכער א באגריף וועגען דער ארבייט און דעם לעבען פון די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל אין די שעפער.

איינע פון די איינדרוקספולסטע אויסשטעלונגען פון דער אינטערנעשאנעל איז די בילדליכע שילדערונג פון דעם קאנטראסט פון די סוועט־שעפער אין דער אינדוסטריע און די מאדערנע יוניאן שעפער. עס ווייזט אן אויף דער וויכטיגקייט פאר די ארבייטער און אויך פאר די פארבראויכער וואס די פרויען קליידער ארבייטער האבען זיך דערשלאגען דורך דער יוניאן די קירצערע ארבייטס שטונדען, סאניטארע שעפער און אנשטענדיגע שכירות וואס מאכען זיי פאר גוטע פארבראויכער פון דער ארבייט פון אנדערע אינדוסטריען. די ליטעראטור וואס ווערט אויסגעטיילט ביי דער אויסשטעלונג באטאנט די וויכטיגקייט פון פארלאנגען דעם יוניאן לייבעל אויף אלע פרויען־קליידער און אויך דעם קאנסומערס פראטעקטיוו לייבעל אויף קלאוקס און סוטס.

די אינטערנעשאנעל האט דארט אויך ארויסגעפירט אויף דער בינע זעקס מאדעל מיידלעך וועלכע האבען געוויזען די לעצטע מאדעס אין קלאוקס און דרעסעס פון די פארשידענסטע מאטעריאלען און פאסאנען.

פון די אנדערע נאדעל טרייד יוניאנס זיינען ביי דער אויסשטעלונג פארטראטען די העט און מילינערי אינטערנעשאנעל יוניאן און די גלאוו מאכער.

## קענזעס סיטי קלאוקמאכער קריגן העכערונג אין שכירות

ארום א טויזענד קלאוקמאכער פון קענזעס סיטי, דאס הייסט אלע ארבייטער פון טרייד וואס זיינען דא אין דער שטאט, האבען דעם מאנאט געקראגען געהעכערט די שכירות מיט זיבען א האלב פראצענט. די העכערונג איז סיי פאר די וואך ארבייטער און סיי פאר די וואס ארבייטען פון שטיק.

די העכערונג איז געגעבען געווארען אונטער דער באשטימונג פון דעם ארביטרייטאר, דר. ארטור רובין, צו וועמען די פראגע פון א העכערונג אויף די שכירות איז איבערגעגעבען געווארען אין דער צייט ווען עס איז באנייט געווארען דער אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן. די פירמע סטוירן, סלעגמאן, פרינס, כאטש זי האט א באזונדער אגרימענט מיט דער יוניאן, האט זיך פונדעסטוועגען אויך באטייליגט אין דער ארביטריישאן און אויך אירע ארבייטער געניסען פון דער ענטשיידונג. נאכדעם ווי די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען פון דעם אימפארשעל טשערמאן, האט די יוניאן געהאט א קאנפערענץ מיט פארטרעטער פון דער צווייטער גרויסער פירמע, וועלכע האט אויך אן אינדעפענדענט אגרימענט, די „ברענד און פוריק" און די פירמע האט צוגעשטימט זיך אונטערצוואורפען די אלגעמיינע ענטשיידונג פאר'ן מארקעט. דאס הייסט, אז אויך די ארבייטער פון דער פירמע וועלען קריגען די העכערונג. דאס מאכט די העכערונג גילטיג פאר אלע ארבייטער פון טרייד אין קענזעס.

מייער פערעלשטיין, פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנעל אין דער סאוט־וועסט, שרייבענדיג וועגען דער ענטשיידונג, מעלדעט, אז די קלאוק מאכער אין שטאט זיינען מלא שמחה. ספעציעל איז דאס דער פאל מיט די נייע מיטגלידער אין דער יוניאן, מיט די מענער און פרויען וואס האבען זיך אנגעשלאסען אן דער יוניאן ערשט לעצטעס יאר. זיי האבען איצט געהאט א געלעגענהייט, איינצוזעהן ווי אזוי די יוניאן האלט אויף און פארבעסערט זייערע לעבענס באדינגונגען.

„די מענער און פרויען פון אונזער יוניאן — שרייבט פערעלשטיין — שאצען אפ דעם פאקט, וואס אונזער יוניאן אין קענזעס סיטי צייכענט זיך אויס מיט אירע דערגרייכונגען און וואס אונזערע מיידלאך צייכענען זיך אויס מיט זייערע באדינגונגען צווישען די ארבייטער פון אלע אנדערע אינדוסטריען אין שטאט".

## סוועט באס באצאלט א שיינע מטבע פאר פאטשען אן ארבייטערין

דער באס פון דער „לענג, קאהן" סילק דרעס פירמע איז פאר'משפט געווארען אין געריכט אין סעינט לואיס צו באצאלען אן ארבייטער מיידעל שיינע עטליכע דאלער דערפאר וואס ער האט איר דערלאנגט א פאטש. די פירמע איז אן אלטע יוניאן פרעסערישע פירמע, וועלכע האט אפילו אין דער צייט פון דער נ. ר. א. באקעמפט די יוניאן.

## בריוו אין רעדאקציע

ווערטער רעדאקטאר פון דער „גערעכטיגקייט": —

עס איז מענשלאך און נאטירלאך, אז ווען איינער ווערט געקריוודעט, זאל ער אויסשרייען זיין פראטעסט צו דער עפענטליכער מיינונג און זוכען אויף וועמען ארויפצוואורפען די שולד פאר זיין אומגליק.

עס טרעפט אויך, אז איין טייל פון דער עפענטליכער מיינונג זאל באשולדיגען אן אנדער טייל פון דער עפענטליכער מיינונג, טאקע פאר דעם יושר'דיגען ריכטער, וואס הייסט עפענטליכע מיינונג...

איך זאג דאס אנטקעגען די ארימע קלאוקמאכער, וועלכע האלטען אין איין זוכען די שולדיגע פאר זייערע צרות.

אבער ניט אלע זעהען דעם שונא אויף דעם ריכטיגען ארט, איינינע באשולדיגען די באלעבאטים, אנדערע ווארפען די שולד אויף דער יוניאן, ס'הייסט, אז די יוניאן טוט ניט גענוג פאר זיי. א טייל מעהר רוהיגע, מער באטראכטע, זאגען, אז שולדיג זיינען נאר די אלגעמיינע עקאנאמישע אומשטענדען אין לאנד — און א סך באשולדיגען די קאנקורענציע פון די אוט־אוו־טאון שעפער געגען די ניו יארקער.

ווייס איך ניט, וועמעס טענות זיינען מעהר אויסגעהאלטען און מעהר לאגיש. זיכער איז אבער, אז יעדער עלעמענט באזונדער איז אביסעל שולדיג אין דעם קלאוקמאכערס לאגע. עס איז אבער דא נאך איין עלעמענט — און א גאנץ וויכטיגער — וואס ווערט פון די באשולדיגער איגנארירט, און דאס זיינען די באלעבאטים. נישט נאר די באלעבאטים אלס קאפיטאליסטען, נאר אויך די באלעבאטים אלס מענשען און אידען. און אלס אזעלכע זיינען זיי ווערט אז מען זאל זיי אנקלאגען פאר דער עפענטליכער מיינונג.

אלס אידען, ווייסען מיר שוין דעם טעם פון דיסקרימינאציע, פונדעסטוועגען איז עס א פאקט, אז א סך מאנופעקטשורערס, וועלכע פיגורירען אלס שעהנע שול־אידען און זוכען אויך ניט וועלטען זיך אויסצופיינען מיט א שעהנער נדבה, פראקטיצירען א שענדליכע דיסקרימינאציע געגען דעם אידישען ארבייטער.

אזעלכע מאנופעקטשורערס וואלטען באדארפט עפענטליך קריטיקירט ווערען, און מען זאל ארויפרייסען פון זיי די אידישע און מענשליכע מאסקע, — אזעלכע באלעבאטים פארדינען אויך דעם ריכטיגען נאמען אין דער ביזנעס וועלט.

איך דאנק אייך.

סעם קיזער, לאקאל 35.

שעפּטיגט אין שאַפּ. דער אַרבייטס־געבער מוז האַלטען גענויע רעקאָרדס פון אַלע היים־אַרבייטער, וואָס ער באַשעפטיגט. עס איז די אַלגעמיינע מיינונג אין טרייד, אַז אונטער די באַדינגונגען וועט די היים־אַרבייט אין בלומען־טרייד אין גיכען אין גאַנצען פאַרשווינדען.

לאָקאַל 142 גרייט זיך איצט אָנצופירען אַ שטאַרקען קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען די געוועזענע היים־אַרבייטער וואָס ווערען איצט אַריינגעצויגען אין די שעפּער און מען מעג ערוואַרטען, אַז די יוניאָן וועט אין גיכען צוקריגען עטליכע טויזענד נייע מיטגלידער.

אין דעם קאַמפּיין צו פאַרבאָטען היים־אַרבייט דורכ'ן געזעץ אין דעם קינסטליכען בלומען־טרייד זיינען געווען טעטיג די פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען פיל געהאָלפען. די וואָומענס טרייד יוניאָן ליג, די קאָנסומערס ליג אָוו ניו יאָרק, די ליג אָוו ווימען וואָוטערס, די ווימענס סיטי קלאָב, די ניו יאָרק טשיילד לייבאָר קאָמיטע, די נעשאָנאַל טשיילד לייבאָר קאָמיטע און די ניו יאָרק אָורבאַן ליג.

## אַלטערריישאָן שניידער פון ראָסעק'ס דעפּאַרטמענט סטאָר אין סטרייק

איזידאָר דזשייקאָבס, מענעדזשער פון דער לידיס טיילאָרס און אַלטערריישאָן אַרבייטער יוניאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל, מעלדעט אַז די אַלטערריישאָן שניידער פון ראָסעקס דעפּאַרטמענט סטאָר אין פינפטע עוועניו ניו יאָרק און פולטאָן סטריט, ברוקלין, זיינען אַרונטער אין סטרייק פאַר יוניאָן־אָנערקענונג און יוניאָן־באַדינגונגען.

די באַדינגונגען פון די אַרבייטער אין דעם רייכסטען דעפּאַרטמענט סטאָר זיינען זעהר טרויעריגע. די שכירות זיינען פון 22 ביז 25 דאָלאַר אַ וואָך. די אַרבייטס שטונדען זיינען דריי און פערציג אַ וואָך; פאַר אָווערטיים קריגען זיי ניט באַצאָלט. יעדען טאָג מוזען אַלע אַרבייטער קומען אין שאַפּ, צי עס איז דאָ אַרבייט אָדער ניט. דער פאָרמאַן קלייבט נאָכדעם אויס וועמען ער וויל און די אַנדערע דאַרפען געהן צוריק.

די יוניאָן פאָדערט אַ 35 שטונדיגע אַרבייטס־וואָך, ווי אין אַלע יוניאָניזירטע סטאָרס; יוניאָן סקעיל־שכירות און גלייכע צוטיילונג פון אַרבייט. עטליכע מאָל האָט די יוניאָן פּרובירט אָרגאַניזירען די אַרבייטער פון ראָסעקס סטאָרס אָבער אָהן ערפאָלג. דאָס מאָל אָבער זיינען אַלע אַרבייטער אַרונטער אין סטרייק און זיינען ענטשלאָסען דעם סטרייק אָנצוהאַלטען ביז זיי וועלען געווינען.

## אין קאָוט גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט

אין די שעפּער איז סלעק. דער שטיקעל סעזאָן, וועלכער איז דאָס מאָל ניט געווען איבעריג גוט, איז שוין אַריבער. אָבער די טעטיגקייט פון דעם קאָוטען גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט צו באַשיצען די באַדינגונגען פון די אַרבייטער גייט אָן ווי געוויינליך, — מעלדעט וויס־פּרעזידענט עליאַס רייזבערג, מענעדזשער פון קאָוטען טרייד־דעפּאַרטמענט.

### פינף פירמעס סעטלען מיט דער יוניאָן

פינף וויכטיגע פירמעס וועלכע באַשעפטיגען צוזאַמען אַרום 600 אַרבייטער האָבען דעם מאָנאַט געסעטעלט מיט דער יוניאָן. די וויכטיגסטע פון זיי איז די באַרגעניכטס און ספּירא פירמע, וועלכע באַשעפטיגט דריי הונדערט אַרבייטער אין דריי שעפּער. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט די פירמע באַנייט דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן פאַר צוויי יאָר צייט, מיט אַ העכערונג פון דריי דאָלאַר אַ וואָך פאַר די וואָכען־אַרבייטער און 15 פּראָצענט אויף דעם שטונדען־רעיט פאַר די סעמפּעל־מאַכער. געוויסע קריוודעס פון די שטיק־אַרבייטער זיינען אויך אויסגעגליכען געוואָרען. די שעפּער פון דער פירמע געפינען זיך אין אָרטשבאָלד, מעיפילד און פאָרעסט סיטי, פּענסילווייניא.

דער סעטעלמענט איז געמאַכט געוואָרען ביי אַ קאָנפערענץ אין אָפיס פון דער אינטערנעשאָנאַל, דעם 7טען אַפּריל, אונטער דער אויפזיכט פון וויס־פּרעזידענט רייזבערג. אויסער אים איז די יוניאָן געווען פאָרגעשטעלט פון די אָרגאַנייזערס א. עשקין און דייוו גאָלד און אַ קאָמיטע פון זעקס שעפּ־לידיס און

אַסיסטענטס פון די שעפּער. די אַרבייטער פון אַלע דריי שעפּער האָבען אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג אין אָרטשבאָלד דעם 2טען מאַי און האָבען דעם אַגרימענט גוטגעהייסען.

די אַנדערע פיר פירמעס, וואָס האָבען געסעטעלט דעם מאָנאַט, זיינען: „בעלגרייד ניטינג מילס" פון ניו קאָמבערלאַנד און די „ניופּאָרט דרעס קאָ." פון ניופּאָרט, פּענסילווייניע. יעדע פון זיי באַשעפטיגט צו 75 אַרבייטער; די „שענאַנדאָאַ בלאַוז קאָ.", אַ קאָנטראַקטאָר פון דער נעשאָנאַל בלאַוז קאָ. פון ניו יאָרק מיט הונדערט אַרבייטער, און „רוגאָף ענד סאָן", אַ מאַנופעקטשורער פון נוירסעס יוניפאָרמען אין פּיטסבורג וועלכע באַשעפטיגט 75 אַרבייטער האָט באַנייט דעם אַגרימענט און איינגעשטימט אָנצונייהען דעם יוניאָן־לייבעל אויף אַלע דרעסעס וואָס ווערען דאָרט געמאַכט.

### ניט־גודס באָסעס ווילען שניידען שכירות אַרבייטער גרייט צו קעמפען

צוויי ניט גודס פירמעס, איינע אין לאָועל, מאַסאַטשוזעטס, און איינע אין פאָל ריווער, מאַסאַטשוזעטס, ווילט זיך שניידען די שכירות פון די אַרבייטער. די יוניאָן האָט אָנטזאָגט זייער פאַרלאַנג און די אַרבייטער זיינען גרייט צו קעמפען געגען די לוין־שניטען.

די „סאָפאָלק ניטינג מילס" פון לאָועל, איינע פון די גרעסטע פירמעס אין טרייד, וועלכע באַשעפטיגט אַרום 800 אַרבייטער, האָט זיך אָנטזאָגט צו באַנייען דעם אַגרימענט סיידען מען וועט איר אַרונטערלאָזען די העכערונג אויף די שכירות וואָס די אַרבייטער האָבען געקראָגען אין 1937. די יוניאָן האָט נאַטירליך די פאָדערונג צוריקגעוויזען.

דעם 10טען מאַי האָבען די אַרבייטער פון דעם מיל אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג, און אָרגאַנייזער י. האָלפערין האָט זיי איבערגעגעבען די פאָדערונג פון די בעלי בתים און די שטעלונג וואָס די יוניאָן האָט גענומען. די אַרבייטער האָבען איינשטימיג גוטגעהייסען די שטעלונג פון דער יוניאָן און האָבען באַשלאָסען צו שיקען אַ קאָמיטע צו פּרעזידענט דובינסקי פאָרצולעגען פאַר אים דעם ענין. פּרעזידענט דובינסקי האָט דער קאָמיטע פאַרשפּראָכען די פולע הילף פון דער אינטערנעשאָנאַל. דער אַגרימענט מיט דער פירמע גייט אויס דעם 15טען יוני און די יוניאָן האָפט נאָך צו פאַרמיידען אַ סטרייק. די קאָנפערענצען מיט דער פירמע וועלען ווידער אויפגענומען ווערען.

אַן ענליכע סיטואַציע האָט זיך געשאַפען אין דער גרויסער אונטערוועש פעקטאָרי פון דער שנייערסאָן קאָמפּאַני אין פאָל ריווער. דאָרט האַנדעלט זיך ניט וועגען באַנייען דעם אַגרימענט, וועלכער האָט נאָך צו לויפען אַ צייט. אָבער די פירמע פאָדערט אַ שניט פון 10 פּראָצענט אויף די שכירות פון די אַרבייטער. די איבער טויזענד אַרבייטער וואָס ווערען דאָרט באַשעפטיגט זיינען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף דער חוצפּה און זיינען אַנטשלאָסען צו קעמפען געגען אַ לוין־שניט מיט אַלע כחות. די יוניאָן פּלאַנעוועט צו ווענדען זיך צו דער מאַסאַטשוזעטס סטייט באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן צו פּרובירען שליכטען דעם סכסוך.

### קלאַגען פאַר דער לעיבאָר ריליישאָנס באָאַרד

אַ פאָרהער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען פון דער נעשאָנאַל לייבאָר ריליישאָנס באָאַרד וועגען די קלאַגען פון דער יוניאָן געגען דער „העריסבורג טשילדרען דרעס קאָ.". די פירמע, פון וועלכער דער פאַרביסענער יוניאָן־שונא גאָלדבערגער איז דער אייגענטימער, איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר אויפהאַלטען אַ קאָמפּאַני־יוניאָן און שטערען די אַרבייטער צו אָרגאַניזירען זיך אין זייער אייגענער יוניאָן, וואָס איז פאַרבאָטען פון געזעץ.

די יוניאָן האָט ביים פאָרהער פאָרגעלעגט אונבאַשטרייטבאַרע באַווייזע וועגען די מעשים טובים פון דעם באָס. די מעמבערס אין העריסבורג ערוואַרטען איצטער די ענטשיידונג.

דער קאָוטען טרייד דעפּאַרטמענט האָט אויך פאַרקלאָגט פאַר דער לייבאָר באָאַרד די קאָוטען דרעס־פירמע „ה. מאָמזי", פון לאָרעל, דעלעווער. די פירמע, וועלכע האָט אַ יוניאָן־שאַפּ אין פילאַדעלפיע, וואו זי באַלאָנגט צו דער „דרעס עמפּלאָיערס אַסאָסיאיישאָן" פון יענער שטאָט, האַלט אויך אין לאָרעל אַן אָפּען שאַפּ און אַנטזאָגט זיך צו פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן, טראָץ דעם וואָס די מערהייט פון אירע אַרבייטער זיינען אַנגעשלאָסען אין דער אינטערנעשאָנאַל. די יוניאָן האָט דעריבער די פירמע פאַרקלאָגט און גייט דערוויילע אַן מיט איר אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט צווישען די אַרבייטער פון דעם שאַפּ. סעמיועל אָטאָ, מענעדזשער פון

דער פילאַדעלפיער יוניאָן, העלפט מיט אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט.

דורך דער צייט פון סטרייק, וואָס דער קאָוטען גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט האָט אָנגעפירט מיט צוויי יאָר צוריק געגען דער „פאָרעסט סיטי מאַנופעקטשורינג קאָ.", אַ גרויסע קאָוטען דרעס שאַפּ אין פאָרעסט סיטי, פּענסילווייניע, איז דער פירמע געלונגען צו קריגען אַן אינדזשאָנקשאָן געגען דער אינטערנעשאָנאַל.

דער אינדזשאָנקשאָן איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אויף אַזוינע לעכערליכע גרינדע, אַז די יוניאָן האָט אים באַקעמפט אין די געריכטען. דעם מאָנאַט איז ענדליך אַרויסגעגעבען געוואָרען די ענטשיידונג פון דעם העכסטען געריכט אין סטייט, בטול מאַכענדיג דעם אינדזשאָנקשאָן און צו'משפט'ענדיג אַז די פירמע זאָל באַצאָלען די געריכט־קאָסטען וועלכע טרעפען אַן אַרום אַ טויזענד דאָלאַר.

## אין קליוולאַנד און אומגעגענד

וויס פּרעזידענט אַב. קאַטאָווסקי, מענעדזשער פון דער יוניאָן אין קליוולאַנד און אומגעגענד, שרייבט:

איר וועט זיך דערמאָנען, אַז מיר האָבען לעצטען דעצעמבער געקראָגען אַ העכערונג אויף די שכירות פון די קלאָוקמאַכער זיבען פּראָצענט פאַר'ן ספּרינג סעזאָן און צען פּראָצענט פאַר דעם נעקסטען פאָל סעזאָן דורך דער אַנטשיידונג פון אימפּאַרשיל טשערמאַן דר. אַרטור רובין. אונזערע בעלי בתים זיינען געוואָרען גאָר אויפגערעגט ווען זיי האָבען געקראָגען די ענטשיידונג און האָבען פשוט דערקלערט אַ זיץ סטרייק זייערע בעלי־מלאכות.

אין יאַנואַר האָבען די בעלי בתים פּאַקטיש געשלאָסען די שעפּער פאַר צוויי וואָכען, וועלענדיג דערמיט איבערשרעקען די אַרבייטער אַז זיי זאָלען ניט פאָדערען די העכערונג. אונזערע מיטגלידער האָבען זיך אָבער ניט דערשראָקען און זיינען באַשטאַנען אויף דעם וואָס עס קומט זיי. דער אַרבייטס סעזאָן איז געווען אַן אויסערגעוויינליך שלעכטער אין די קלאָוק שעפּער. כמעט אַלע פירמעס האָבען געליטען פון מאַנגעל אין אַרבייט און, נאַטירליך, האָבען אונזערע מיטגלידער דאָס געפילט אין זייער פּני עגוועלאָס. טראָץ דעם האָבען נאָך די בעלי בתים דעם נערוו צו פאַרלאַנגען אַז די אַרבייטער זאָלען אַרונטערלאָזען פון די שכירות. די יוניאָן האָט נאַטירליך דעם פאַרלאַנג ענטשידען צוריקגעוויזען. עס זיינען פאָרגעקומען קאָנפערענצען און עס וועט וואַרשיינליך דערגיין צום אימפּאַרשעל טשערמאַן.

### פאָדערען מען זאָל זיי באַפרייען פון אַרבייטסלאָזען פאַרזיכערונגס געזעץ

אין מיטען דעם מאָנאַט, האָט די אָהייאָ קלאָוק מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן זיך געווענדעט צו דער סטייט אַנעמפּלאָימענט אינשורענס קאָמישאָן מיט'ן פאַרלאַנג אַז די קלאָוק אינדוסטריע זאָל אַריינגערעכענט ווערען אין דער קאַטעגאָריע פון סעזאָן אינדוסטריען און מען זאָל זיי דעריבער באַפרייען פון צאָלען דעם אינשורענס טעקס.

די יוניאָן האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער קאָמיסיע און געפאָדערט צו זיין פאַרטראָטען ביים פאָרהער. דער פאָרהער איז פאָרגעקומען אין קאָלאָמבוס דעם 19טען מאַי. די אַסאָסיאיישאָן איז געווען פאַרטראָטען פון דעם טרעזשורער פון דער פּרינס־בידערמאַן קאָמפּאַני, וועלכער האָט געזוכט צו באַווייזען, אַז די קלאָוק אינדוסטריע אַרבעט בלויז באַשטימטע קורצע פּעריאָדען יעדעס יאָר און איז דעריבער אַ סעזאָן אינדוסטריע. קאַטאָווסקי האָט פאַרטראָטען די יוניאָן און האָט אָנגעוויזען, אַז ווען דאָס געזעץ זאָל אַזוי אויסגעטייטשט ווערען וועלען אַלע אינדוסטריען אין גיכען דאַרפען באַפרייט ווערען פון אַרבייטסלאָזען אינשורענס און דער געזעץ וועט אין גאַנצען פאַרניכטעט ווערען. קאַטאָווסקי'ס אַרגומענטען האָבען וואַרשיינליך געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק און אין דער ענטשיידונג האָט די קאָמישאָן צוריקגעוויזען דעם פאַרלאַנג פון דער אַסאָסיאיישאָן, זאָגענדיג אַז איידער מען קען אַרויסגעבען אַזאַ ענטשיידונג דאַרף מען פריהער אָפּוואַרטען אַ פּאָר יאָר און זען ווי אַזוי דאָס געזעץ וועט אַרבייטען.

### אין די דרעס און עמבראָידערי אינדוסטריען

אין דער דרעס אינדוסטריע אין קליוולאַנד, וואו די אַרבייטער האָבען אויך געקראָגען אַ העכערונג פון זיבען פּראָצענט אויף די שכירות לעצטען ווינטער ביים בנך

פראצענט איז נאך העכער. זייערע מיטגלידער זיינען בעסערע פארדינער און בעסערע צאהלער.

עס איז צו האפען, אז אין יענע שעפער וואו מען ארבייט נאך צו ביסלאך, וועלען די מיטגלידער פארטזעצן זייערע צאהלונגען און ניט אנזאמלען קיין שולדען אויף זייערע יוניאן־קארטען. ניט קוקענדיג וואס די וועכענטליכע דיוס אין אונזער יוניאן איז גאנץ קליין — אין גאנצען 35 סענט א וואך — פונדעסטוועגען ווען מען פארנאכלעסיגט אביסעל די צאהלונגען דערגרייכט דאס באלד א גרויסע סומע, און עס הויבט אן צו פאלען שווער. גאנץ אפט פיהרט עס צו א שטרייכונג. דעריבער איז ראטזאם, אז מען זאל צאהלען וועכענטליך און אימער זיין גוטשטעהענד.

ארבייטער רינג מיטגלידערשאפט קאמפיין

שבת נאכמיטאג, דעם 11טען יוני, וועט אין סענטער האטעל אפגעהאלטען ווערען א פארזאמלונג אין פארבינדונג מיט'ן קאמפיין וואס דער פראגרעסיווער דרעסמאכער ברענטש 122 ארבייטער רינג פיהרט איצט אן פאר 200 נייע מיטגלידער. ביים מיטינג וועט אויפטרעטען פרעזידענט דוד דובינסקי, סאשא זימערמאן, מענעדזשער פון לאקאל 22 (וועלכער איז אויך דער טרעזשורער פון ברענטש 122) און יוסף באסקין, סעקרעטער פון ארבייטער רינג.

צו דער פארזאמלונג זיינען געלאדען געווארען, דורך ספעציעלע בריף, עטליכע הונדערט מיטגלידער פון לאקאל 22, פראגרעסיווע מענשען וועלכע וועלען אונזער ברענטש געפינען די ווארימע חבר'שאפט און געמיינשאפטליכען אינטערעס אין זאכען און פראבלעמען וועלכע רירען אונז אן אלס ארבייטער. עס איז צו האפען, אז א גרויסע צאל מענשען וועלען זיך אפרופען און באזוכען די פארזאמלונג.

אגב איז דא כדאי צו דערמאנען, אז די באוועגונג צו ארגאניזירען אינדוסטריעלע־ברענטשעס פון ארבייטער רינג צווישען די לאקאלען פון אונזער אינטערנעשאנאל האט לעצטענס אנגענומען אן ערנסטען כאראקטער. כמעט יעדער פון די גרעסערע לאקאלען האט שוין, אדער האלט אין גרינדען א ברענטש. דער גרעסער לאקאל 60 האט שוין 2 ברענטשעס.

ביים לעצטען מיטינג פון ברענטש 122 האט ברודער דזשעק בראדער, דער פראטאקאל סעקרעטער, באקומען די ווערק פון שלום עליכם, אלס א מתנה פון ברענטש פאר זיין גוטער ארבייט.

„די דרעסמאכער באנק"

מיט עטליכע מאנאטען צוריק האבען עטליכע אקטיווע מיטגלידער פון לאקאל 22 אונטערנומען זיך צו ארגאניזירען אן אייגענע „אקציע", וואו מיטגלידער פון דער יוניאן זאלען קענען בארגען א פאר דאלאר פאר וועלכע מען זאל זיי ניט רייסען די הויט און גלייכצייטיג דערנידעריגען צו דער מדרגה פון בעטלער. און אז דרעסמאכער דארפען אפט אנקומען צו לייקאסעס און עהנליכע אינסטיטוציעס דארף מען דאך ניט ווידערהאלען.

סתם אן „אקציע" האבען אבער אונזערע מענשען ניט געוואלט. זיי האבען גע'חלום'ט פון אן אינסטיטוציע, וועלכע זאל זיין געבויט אויף א פעסטען באדען. עס מוז זיין ראיעל. די מענשען, וועלכע „אינוועסטען" זייער געלט, מוזען זיין גוזיכערט מיט זייער „פארמעגען". האבען אונזערע מענשען באשלאסען, אז די „אקציע" מוז געשטעלט ווערען אונטער דער השגחה פון דער רעגירונג. דאס איז אבער ניט קיין לייכטער עסק. אונזערע מענשען האבען זיך אבער איינגעעקשנ'ט. מען האט זיך פארבונדען מיט דעם לאיער פון אונזער יוניאן, מר. עמיל שלעזינגער, און אזוי, פאמעלאכקע, דורך שרייבען און חתמ'ענען פאפירען אן א שיער, איז מיט דער צייט געבארען געווארען „די דרעסמאכער קרעדיט יוניאן", אונטער דער אויפזיכט פון דעם בענקינג דעפארטמענט פון ניו יארק סטייט. פארשטעהט זיך, אז דער עסק האט געקאסט א היבשע ביסעל געלט אויך, אבער דאס איז שוין א זייטיגער ענין.

די „באנק" פונקציאנירט שוין עטליכע מאנאטען. איהר הויפט קאנטאר איז אין 567—7טע עוועניו. מיטינגען קומען פאר יעדען מיטוואך אוונט. דאס איז א באנק מיט אלע קליפערלאך. מען צאהלט געלט, מען לייהט געלט, מען שרייבט און מען מעקט. עס געהט א גאנג. און די „באנקירען", דאס הייסט די דירעקטארען, זיינען אונזערע אייגענע שאפ־מענשען. עס איז בנאמנות א פארגעניגען צו זעהן ווי ברודער מאקס מעדווין, דער פרעזידענט פון באנק, איז זיך מתעסק מיט די ביזנעס; מיר האבען א שטארקען חשד, אז ער שטאמט פון א פאמיליע פון באנקירען, נאר ער האט עס ביז אהער געהאלטען בסוד. היינט דער ברודער פיליפ קאהאן, דער אידישיסטישער סעקרעטער פון באנק, חלש'ט נאר מען זאל איהם ערלויבען פיהרען די ביכער טאקע אויף אידיש. אבער דאס איז נאך „פארלויפיג" ניט ערלויבט פון דעם בענקינג דעפארטמענט. די ברידער בעני נאווער, איליי אייזענבערג, משה קליין און דוד שאנטזעס זיינען מיטגלידער פון די פארשיידענע קאמיטעען. מענדעל בליושטיין איז דער טשערמאן פון דער באארד אוו דירעקטארען און נייטען מארגאליס צוזאמען מיט דעם שרייבער פון די שורות זיינען אויך עפעס שטיקלאך באאמטע. די אנדערע, וועמעס נעמען מיר געדענקען ניט, וועלען אונז מוזען ענטשולדיגען.

שבת, דעם 14טען מאי, איז אין קעפיטאל האטעל געפייערט געווארען די אינסטאלאציע פון דער ניי־ערוועהלטער באארד אוו דירעקטארען פון אונזער באנק, דורך א שעהנעם באנקעט, מיט א רייכער מוזיקאלישער פראגראם. לאיער שלעזינגער האט איינגעשווארען די נייע באאמטע.

דרעסמאכער, מיטגלידער פון לאקאל 22, וועלכע ווילען בארגען אביסעל געלט אן „רעד טייפ" און אן הויכע צינזען, זאלען זיך ווענדען אין קאנטאר פון באנק.

# „פינס און נידעלס" אין באסטאן

## פון ראוז פעסאטא.

„פינס און נידעלס", די מוזיקאלישע ריוויו פון אונזער אינטערנעשאנעל לייבאר סטעידזש, שפילט איצט אין שובערט טעאטער אין באסטאן פאר געפאקטע הייזער. זינט עס איז דא אויפגעטראטען דער מאסקווער קונסט טעאטער, האט דער באסטאנער טעאטער פובליק וועלכער איז באוואוסט פאר זיין ענטוויקעלטען געשמאק, ניט אויפגענומען קיין פארשטעלונג מיט אזא אויפריכטיגער אנערקענונג און ענטוזיאזם, ווי זי האט אויפגענומען די אינטערנעשאנעל אקטיארן וועמעס הינטערגרונט איז די קליידער פאבריק און זייער אויסבילדונג איז עטליכע מאנאטען אלט. פון דער אויפנאמע וואס זיי האבען געקראגען ביי דער ערשטער פארשטעלונג איז קלאר געווארען אז אונזער באסטאן איז פארליבט אין „פינס און נידעלס" מיט איר גאנצער סאציאלער באדייטונג.

דער „רעוויו" איז ערעפענט געווארען אין באסטאן מיט א פארשטעלונג פאר'ן בענעפיט פון דער סיוויל ליבערטיס יוניאן וועלכע האט אויסגעקויפט דעם גאנצען טעאטער. קיינער קען זיך ניט ווינשען קיין אינטעליגענטערען און סימפאטישערען עולם ווי דעם וואס איז געווען אין טעאטער יענעם אוונט. פראפעסאר פעליקס פראנקפורטער, הערי דאבליו דאנא און אנדערע לאנג יעריגע פריינד פון דער אינטערנעשאנאל האבען אויפגענומען די שפילער מיט אזא הארציגען דונערדיגען אפלאוז און פריידיגען געלעכטער, אז עס איז געווען אנשטעקענד אפילו פאר די אקטיארען.

אונזער דזשאינט באארד מיט די אנגעשלאסענע לאקאלס האבען אין גאנצען מאנאפאליזירט די צווייטע פארשטעלונג, ניט וועלענדיג ווערען ארויסגעשטופט פון זען זייער אייגענע טעאטער שפיל. קלאוקמאכער, דרעסמאכער און ארבייטער פון די פארשיידענע אנדערע פרוויען טרעידס האבען זיך א לאז געטאן אין טעאטער דינסטאג, דעם 10טען מאי, און דעם נעכסטען דינסטאג, דעם 17טען מאי, צו זען און הערען זייערע טרעיד קאלעגען פון לעיבאר סטעידזש שפילען טעאטער. אונזער יוניאן האט איינגעלאדען אלס געסט די סטעיט לייבאר באארד, לעיבאר דעפארטמענט, ארבייטער פירער פון דער סי. אי. א. און דער א. פ. אוו ל., שטאט בעאמטע און דער גאווערנאר פון מאסאטשוסעטס, קוירלי איז געווען פארטראטען פון דעם ליוטענאנט גאווערנאר פריינק ע. קעללי מיט זיין משפחה. אזוי שנעל ווי דער פארהאנג האט זיך אויפגעהויבען האבען אונזערע מיטגלידער געמאכט די שפילער זיך פילען היימיש. יעדער האט געפילט אז עס איז ניט די סטערעאטיפישע, אויסגעדראשענע ארבייטער דראמע. עס איז א שטיפערישע, שפילעוודיגע מיוזיקאל ריוויו, מיט לעבען, הומאר, סאטירע און שיינקייט וועלכע מאכט די שפיל און שפילער איינגעבאקען אין די הערצער פון עולם און ספעציעל — די מיטגלידער פון אונזער יוניאן.

די מעדיצינישע ביורא צו העלפען דער שפאנישער דעמאקראטי האט אויסגעקויפט דעם גאנצען טעאטער די דריטע נאכט. און אזוי כסדר. יעדע נאכט האט אן אנדער גרופע מענשען זיך אמוזירט זעענדיג זיך אליין אין דער קאריקאטור אין שפיגעל פון „פינס און נידעלס". מענשען פון יעדע שיכט אין דער געזעלשאפט האבען הנאה געהאט פון זען די שפאסהאפטע שילדערונג פון זיך אויף א גוטמוטיגען אופן, צו דאס זיינען בעלי־בתים, ארבייטער, מענשען פון די הויכע פענסטער, הונדערט פראצענטיגע אמעריקאנער, פרעמדע, אלע האבען זיי געזען וואס דער לעיבאר סטעידזש דענקט וועגען זיי.

זיצענדיג צווישען עולם האט מיר באזונדערס אינטערעסירט צו הערען די פארשיידענע באמערקונגען. גלייך הינטער מיר איז געזעסען א דאמע פון מיטעל־קלאס און איך האב איר געהערט זאגענדיג איר באגלייטער: „די מענשען ווייסען ווייניגסטענס וואס זיי ווילען. ווייסען מיר וואס מיר ווילען?" דאס האט פאר מיר פארענטפערט די פראגע. יא! מיר ווייסען באשטימט וואס מיר ווילען און מיר דערגרייכען עס.

די דריי וואכען וואס „פינס און נידעלס" שפילט אין באסטאן וועט פיל העלפען אונזער ארגאניזאציאנס טעטיגקייט. מיר זוכען צו באוועגען יוניאן מיטגלידער און ניט יוניאן ארבייטער צו זען די שפיל און לערנען דערפון וואס די יוניאן טוט אויף פאר אירע מיטגלידער.

דער ארגאניזאציאנס דעפארטמענט האט ארגאנזירט א ניט־פארמעלע אויפנאמע פאר די שפילער, בעאמטע פון דער יוניאן און פריינד אין בראדפארד האטעל נאך דער פארשטעלונג דינסטאג, דעם 10טען מאי. די פערזענליכע באריהרונג האט איבערצייגט די מיטגלידער פון אונזער יוניאן אז אן ענליכער אויפטו קען אויך דערגרייכט ווערען אין באסטאן. דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט ארבייט איצט אויס פלענער צו ארגאניזירען א דראמאטישע גרופע ביי אונז אויפ'ן זעלבען אופן ווי דאס איז איינגעשטעלט געווארען אין ניו יארק און אנדערע שטעט.

דערווייל ווערען די פאפולערע לידלאך פון „פינס און נידעלס" איינשטימיג אנערקענט אלס די בעסטע און כמעט איבעראל קען מען איצט הערען דעם עולם ברומען „זונטאג אין פארק", „אין גרויסע יוניאן פאר צוויי'ען" און די אנדערע לידלאך.

הכלל, מיר האבען גוטע האפענונגען, אז ווען עס איז וועט נאך אט די יענקי־שטאט אונז אלעמען איבערראשען מיט אירע גרויסע אויפטואונגען.

---

## קלאוקמאכער פון „טוירמאן און סעמיולס שאפ עהרען זייער טשערמאן מיט א דינער.

לויט א באשלוס פון די ארבייטער פון טוירמאן און סעמיול'ס שאפ האבען זיי איינגעארדענט א דינער אין שווארץ'ס רעסטאראן לכבוד זייער שאפ טשערמאן ג. ראבינבאך און די שאפ קאמיטע פאר זייער גוטער ארבייט.

דער טאסטמייסטער, ברודער מאקס קראוס, האט אנגעוויזען אויף דער גוטער ארבייט פון דעם טשערמאן און די מיטגלידער פון דער פרייז קאמיטע, היימאן פינקעלשטיין, הערי סטעלניק און דזשעק באמבארד, פאר די לעצטע צוויי יאהר פאר די בעסטע אינטערעסען פון די ארבייטער פון שאפ און עס איז זיי געלונגען צו שאפען איינ־יגקייט און ברידערליכע באציהונג צווישען אלע ארבייטער. ער האט אויך אנגעוויזען אויף זייער אויפפאסען אז יוניאן באדינגונגען זאלען אפגעהיט ווערען אין שאפ. אלס אויסדרוק פון דאנקבארקייט און צוטרויען האבען די ארבייטער פון שאפ פרעזענטירט דעם טשערמאן ג. ראבענבאך מיט א הערטפולען זייגער און די ביד באדאנקט די מיטגלידער פון דער קאמיטע און די בעסטע אגענטען י. גאלד און ג. קאפלאן פאר זייער שטענדיגער קאאפעראציע.

דאס לעצטע ווארט האט געקראגען דער טשערמאן ברודער ראבענבאך. באדאנקענדיג די ארבייטער פון שאפ און דער קאמיטע פאר זייער שיינער מתנה און אנערקענונג און צוטרוי וואס זיי האבען איהם אלע מאל געגעבען, האט ער אנגעוויזען אז דער אבענד דעמאנסטרירט די איינ־יגקייט צווישען די ארבייטער.

די קאמיטע:

דזשעק פעלדמאן, לאקאל 9.
ב. ניימאן, לאקאל 10.
סעם סיגעל, לאקאל 35.

# אויפ׳ן דרעסמאכער פראָנט

פון
נ. מ. מינקאָף

אויס סיזאָן — ווידער סלעק


ער מישטוינס געזאָגטער סיזאָן איז פאַראיבער, און עס איז ווידער סלאָו ביי דרעסעס. אויף דער עווניו זעהט מען דרעסמאַכער אָן אַ שיער. אין די אָפיסעס פון דער יוניאָן דרעהען זיך ארום אַ סך מענשען אין דער האָפנונג, אַז אפשר וועט מען זיך דערוויסען פון אַ דזשאָב פאַר אַ טאָג אָדער 2. עס איז אַ שווערע לאַגע.

אמת איז, אַז אין דעם פאַל זיינען מיר ניט קיין אויסנאַם. צווישען די אויטאָמאָביל אַרבייטער זיינען דאָ צענדליגע טויזענטער, וועלכע האָבען ניט געפרובירט אַרבייטען באַלד אַ יאָר צייט. די לאַגע ביי די שטאָל־אַרבייטער איז נאָך ערגער. ווי זאָגט מען — צרות רבים חצי נחמה. וואָס העלפט דעם דרעסמאַכער, אַז נאָך מענשען ליידען? פאַרקערט! ער ליידט דערפאַר וואָס יענע ליידען. ווען די אַנדערע אינדוסטריען האַלטען זיך באַוועגט, ווען מענשען אין אַנדערע טריידס האַלטען געאַרבייט און פאַרדינט, וואָלט מען געקויפט דרעסעס און אונזער טרייד וואָלט געהאַט אַרבייט. אָבער אַזוי ווי די לאַגע זעהט יעצט אויס, זיינען די דרעסמאַכער די ערשטע קרבנות פון קריזיס. שפּייז פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע מוז מען האָבען. אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ דאַרף מען אודאי. אָבער דרעסעס? דאָס קען וואַרטען! היינט די קאַלטע וועטערען דורך די לעצטע פאַר וואָכען! דאָס האָט אין גאַנצען געשטער׳ט דעם טרייד. דער מאָנאַט מאַי איז ביי אונז אַלעמאָל דער הויפּט ביזי־מאָנאַט פון זומער־דרעסעס. דעם יאָר האָט מען, צוליב די שלעכטע וועטערען, גאָר ניט אָנפאַנגען צו אַרבייטען. ביז לבינו איז שלעכט.

די אַדמיניסטראַציע פון דער יוניאָן האָט אין פאַרלויף פון דעם נאָר־וואָס פאַרענדיגטען סיזאָן אָנגעווענדעט יעדען מעגליכען מיטעל צו באַזעצען די אַרבייטסלאָזע אין שעפּער. אונז איז געוויסערמאַסען געלונגען צו באַזאָרגען די אַרבייטסלאָזע מיט דזשאָבס, אָבער וואָס טויג דער דזשאָב, אַז עס איז קיין אַרבייט ניטאָ? אפשר וועט די ישועה קומען מיט׳ן פּרעזידענט׳ס „ריקאָווערי פּלאַן", אָדער מיט דעם „ווידזש ענד אַוער" ביל, אויב דער סענאַט וועט זיי אָננעמען? דערווייל מוז מען האָבען געדולד. דערווייל מוז מען זיין אויף דער וואַך און אַכטונג געבען, אַז דאָרט וואו עס איז יאָ דאָ אַ ביסעל אַרבייט, זאָל מען אָנהאַלטען די יוניאָן־סטאַנדאַרדס און יוניאָן־באַדינגונגען. דעם אַרבייטער׳ס איינציגע שוץ און איינציגע האָפנונג איז די יוניאָן. דרעסמאַכער געדענקען די צייטען ווען מען האָט געאַרבייט 6 טעג אין וואָך מיט אָווערטיים פאַר 16 און 18 דאָלאַר, און דאָס איז ניט געווען מיט צענדליגע יאָרען צוריק. די מעשה איז אין גאַנצען 6 אָדער 7 יאָר אַלט. דעריבער שטעהען די דרעסמאַכער סאָליד. זיי מאַכען דורך אַ שווערע צייט, אָבער זיי קוקען אויף דער צוקונפט מיט ענטשלאָסענהייט און מיט האָפנונג.

אָי די עלעקשאָנס!

אין דער יונייטעד (קאָנטראַקטאָרס) אַסאָסיאיישאָן גרייט מען זיך אַציגד צו די יערליכע וואַהלען. די קאָנטראַקטאָרס געהען ערוועהלען זייערע הויפּט פאַר־וואַלטער און עקזעקוטיוו באָארד מיטגלידער דורך אַ באַלאָט, ווי עס פאַסט זיך פאַר אַ „דעמאָקראַטישער" אָרגאַניזאַציע. מען נאָמינירט, מען עקזאַמענירט און, פאַרשטעהט זיך, אַז מען אַגיטירט פאַר קאַנדידאַטען.

פאַראינטערעסירטע צדדים זוכען באַצייטענס „אי־שוס" אויף וואָס זיך אָנצושפאַרען, און אַז מען זוכט געפינט מען, אָדער מען זאָגט אַז מען האָט געפונען. אונזער אויפמערקזאַמקייט איז בעצויגען געוואָרען צו אַן עדיטאָריעל אין אַפּריל נומער פון דער „יונייטעד׳ס" אָפיציעלען זשורנאַל, וואו דער רעדאַקטאָר ווענדעט זיך מיט טענות און פראַגעס צום אונפּאַרטייאישען טשער־מאַן וועגען די קאָמפּליצירטע מאַשינערי וועלכע איז אַנטוויקלט געוואָרען אונטער׳ן איצטיגען אַגרימענט. [illegible] איז, משמעות, ניט צופרידען מיט דעם פּונקט וועגען „ליִמיטיישאָן" און אויך וועגען דער אָרט און ווייזע, [illegible] מען סעטעלט איצט פּרייזען. מען געהט [illegible]. מען גיט אַנצוהערעניש, אַז דער

עצם קאָלעקטיווער אָפּמאַך, וועלכער עקזיסטירט אין דרעס טרייד, איז די בעלי בתים „אָפּשטויסענד און ניט געפעלען".

מר. ה. דזשיי. רובינסטיין, דער פאַרוואַלטער פון פּרייז סעטעלמענט דעפּאַרטמענט, וועלכער שטעהט אונ־טער דער השגחה פון אונפּאַרטייאישען טשערמאַן, איז שאַרף אַרויסגעטראָטען געגען דעם דערמאָנטען עדיטאָריעל, אין לעצטען נומער פון דער אַסאָסיאיישאָנ׳ס זשורנאַל. ער דערמאָנט דאָרט די פּירער פון דער קאָנטראַקטאָר׳ס אַסאָסיאיישאָן אַז זיי האָבען זיך לכתחילה ענטזאָגט צו אונטערשרייבען דעם דרעס „קאָוד" דער־פאַר וואָס ער האָט ניט ענטהאַלטען דעם „לימיטיישאָן"־פּונקט און ווי מיט בלויז 12 מאָנאַטען שפּעטער האָבען די זעלבע קאָנטראַקטאָרס פאַרמאַכט זייערע שעפּער און אַרויסגעוואָרפען אין גאַס זייערע 56 טויזענט אַרבייטער אום צו קריגען לימיטיישאָן און גלייכע פאַרטיילונג פון אַרבייט צווישען דעם אינסייד שאָפּ און זיינע קאָנ־טראַקטאָרס.

מר. רובינסטיין, וועלכער איז פריהער געווען דער פּיהרער פון די ניו דזשוירזי און קאָנעטיקוט קאָנטראַק־טאָרס איז גוט באַהאַוונט מיט׳ן גאַנצען ענין. ער דערמאָנט די קאָנטראַקטאָרס אין זיין „אָפענעם בריף" אָן דעם כאַאָס וועלכער האָט עקזיסטירט אין טרייד אונטער דעם אַלטען סיסטעם פון סעטלען פּרייזען, ווען דער דזשאָבער האָט געדריקט דעם קאָנטראַקטאָר און דער קאָנטראַקטאָר האָט עקספּלואַטירט דעם אַרבייטער און צום סוף זיינען זיי ביידע געלעגען אין דער אדמה.

אויף דעם, וואָס די פּיהרער פון דער אַסאָסיאי־שאָן באַקלאָגען זיך אַז „די פאַבריקען פוסטעווען, טויזענטער אַרבייטער זיינען אונבאַשעפטיגט און די מאַ־שינען דרעהען זיך ניט", ענטפערט מר. רובינסטיין ווי פאָלגט: „האָט איהר, מר. רעדאַקטאָר, ניט אַ טראַכט געטאָן אפשר האָט די אַלגעמיינע לאַגע אין לאַנד עפּעס צו טאָן מיט דעם ענין? ווייסט איהר דען ניט, אַז פּרעזידענט רוזוועלט האָט געפונען פאַר נויטיג צו קאָנ־פערירען מיט גרויס־ און קליין־קאַפּיטאַל וועגען דער איצטיגער אַרבייטסלאָזיגקייט? ווייסט איהר ניט, אַז די אויטאָמאָביל־אינדוסטריע אַרבייט ווייניגער פון 30 פּראָ־צענט און די גרויסע שטאָל־אינדוסטריע ווייניגער פון 20 פּראָצענט?" מיר גלויבען, אַז ווייסען ווייסען זיי יאָ, אָבער מר. רובינסטיין האָט אויך געמעגט ווייסען אַז פּאָליטיק איז פּאָליטיק. איהם איז גוט. ער דאַרף ניט ערוועהלט ווערען. אָבער דער פּרעזידענט פון דער אַסאָסיאיישאָן און די דירעקטאָרען און פאַרוואַלטער, זיי דאַרפען אָנקומען צום עולם נאָך שטימען. זוכט מען אישוס. בלויז מען פאַנאַנדער אישוס. וואָס טוט מען ניט צוליב אַן עלעקשאָן?

אַ קענסער וועלכען מען מוז אויסשניידען!

אין דער זעלבער אויסגאַבע פון דער בעל הבית׳י־שער צייטונג געפינען מיר אַ גאַנץ אינטערעסאַנטען עדיטאָריעל וועגען זעהר אַ דעליקאַטער פראַגע, מיט וועלכער מיר שטיקען זיך אַלע און קיינער האָט ניט דעם מוט אַרויסצוטרעטען אין דער עפענטליכקייט — די פראַגע פון ראַסען־דיסקרימינאַציע. „עס זיינען דאָ בעלי בתים", זאָגט די צייטונג, „וועלכע נעמען אַרויף אַרבייטער פון איין ראַסע און ערלויבען ניט אַרויפ־קומען קיין אַרבייטער פון אַן אַנדער ראַסע... אַזאַ האַנד־לונג טאָר ניט טאָלערירט ווערען. עס האָט קיין פּלאַץ ניט אין דער דרעס אינדוסטריע". גאָלדענע ווערטער, בנאמנות. ווייסען מיר דאָך אויך פון בעלי בתים אין דער אינדוסטריע, וועלכע זיינען גאַנץ בכבוד׳ע און אָנגעזעהענע מענשען אין זייערע שוהלען און טעמפּעלס, אָבער אַן אחינו בני ישראל קען ביי זיי קיין דזשאָב ניט קריגען ווען ער זאָל אפילו פאַלען אויפ׳ן אָרט. מיינט איהר אודאי, אַז דער סאָרט גאָטס סטראָפּטשעס האָט פיינט אַ אידען? ניין, חס ושלום! „אָבער, פאַר־שטעהט איהר מיר", טענה׳ט דאָס רוב אַזאַ צבועק, „מיט אַ אידען איז שווער אויסצוקומען..." דאָס איבע־ריגע איז ניט וויכטיג. דאָס זיינען נידעריגע בּרואים און ניט ווייניגער נידעריג זיינען די וועלכע האָבען די זעלבע באַציהונג צו קריסטליכע אַרבייטער. דאָס זיי־נען עקספּלואַטאָרס, וועלכע וואָלטען פאַר אַ גראָשען פאַרקויפען זייער גאָט און זייער נשמה. פאַסקודנע מענשען. דער ענטפער צו די און עהנליכע דיסקרי־

מינאַציעס באַדאַרף זיין — אַ בעסערע, נעהנטערע און מעהר חבר׳שע פאַרשטענדניש פון די אַלע וועלכע אַר־בייטען מיט זייערע הענט און מוח, פון די עקספּלואַ־טירטע געגען די עקספּלואַטירער פון וואָס פאַר אַ ראַסע אָדער נאַציע זיי זאָלען ניט זיין. צוטיילונג און צו־שפּליטערונג אין אונזערע רייהען שטאַרקט די האַנט און פאַרגרעסערט דעם איינפלוס פון די עקספּלואַטאָ־טאָרס. אחדות און סאָלידאַריטעט וועט אָפּווישען דיס־קרימינאַציע צוזאַמען מיט דער עקספּלואַטאַציע גופא.

צעהן טויזענט מיטגלידער ביי סעקשאָן מיטינגען

העכער 10 טויזענט מיטגלידער פון לאָקאַל 22 האָבען באַזוכט די 7 באַזונדערע סעקשאָן מיטינגען וועלכע זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען די לעצטע וואָך פון מאָנאַט אַפּריל.

אין פאַרלויף פון 28 יאָר, וואָס דער שרייבער איז פאַרבונדען מיט אונזער אינטערנעשאָנאַל, איז אונז אויסגעקומען צו באַזוכען גענוג מיטינגען, גרויסע, קליי־נע, הייסע, קאַלטע און לעבליכע. פאַרשיידענע מיטינ־גען. מיר ווילען אויך דאָ ניט מאַכען דעם איינדרוק, אַז דאָס זיינען געווען די סאַמע שענסטע מיטינגען. ניין. וואָס אונז האָט יאָ פאַראינטערעסירט איז אַז גאַנץ געוועהנליכע יוניאָן־מיטינגען, וואו די איינציגע זייטיגע אישו איז געווען די פראַגע אויף וואָס פאַר אַן אָרט די יוניאָן זאָל פייערען דעם 1טען מאַי, האָט אַרויסגע־בראַכט אַזאַ גרויסען עולם, אַן עולם וועלכער איז פאַר־בליבען רוהיג און געלאָסען דורך דער גאַנצער צייט וואָס די פאַרזאַמלונגען האָבען אָנגעהאַלטען, און אַרויס פון זאַל, ווען זיי זיינען אָפּיציעל געשלאָסען געוואָרען.

אַן אַלטער דרעסמאַכער, וועלכער האָט אונז באַ־מערקט שטעהענדיג ביים וואַנט אין מאַנהעטען אָפּעראַ הויז און אָביעקטיוו אָנקוקענדיג דעם גרויסען עולם, האָט משמעות פאַרשטאַנען פון אונזער שמייכעל, אַז אונז טוט די זאַך שטאַרק הנאה. „נו, וואָס זאָגט איהר עפּעס אויף דעם מיטינג, ברודער מינקאָף? איהר גע־דענקט ווען רום 5 אין ברייענט האָל איז געווען צו גרויס פאַר׳ן גאַנצען לאָקאַל? איהר געדענקט?" און ניט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער, זעצט דער ברודער פאָר „וואָס דען, איהר געדענקט ניט?" וואָס האָבען מיר דעם ברודער געקענט זאָגען? געוויס געדענקען מיר יענע צייטען. ווער געדענקט עס בעסער פון יענע מענשען, וועלכע האָבען די מיטינגען באַדאַרפט צוגריי־טען און נאָכהער שפּאַלטען זיך דעם קאָפּ, זוכענדיג אַ פאַר דאָלאַר מיט וואָס צו באַצאָהלען די רענט?

עס איז נויטיג, שוועסטער און ברידער דרעס־מאַכער, אַז מיר זאָלען געדענקען יענע טעג. ווייל גע־דענקענדיג יענע טרויריגע טעג, און ניט פאַרגעסענדיג די צרות וואָס מיר האָבען זיך דאַן אָנגעליטען, וועט אונז העלפען אויפצוהאַלטען און שטאַרקען דעם שעה־נעם, גרויסען און פּראַכטפולען בנין וואָס מיר האָבען געמיינשאַפטליך געבויט — די גרויסע, שעהנע דרעס־מאַכער יוניאָן.

העכער נייינציג פּראָצענט ערפאָלג

די דרעס דזשאָינט באָארד האָט אין פאַרלויף פון די ערשטע 2 וואָכען אין מאָנאַט מאַי דורכגעפירט אַ „דרייוו" אין די שעפּער, וועלכער האָט באַצוועקט דריי זאַכען. ערשטענס באַזייטיגען די ביסעל ניט־יוניאָן אַרבייטער וועלכע פאַרוואָלגערען זיך פון צייט צו צייט אין מאַנכע שעפּער; צווייטענס, אַרויפצונעמען אַר־בייטסלאָזע אין יענע שעפּער וואו עס איז אַ לעדיגע מאַשין אָדער צוויי; און דריטענס, בייטען די יוניאָן־קאַרטען אויף דער איצטיגער קאַרטע פון געלען קאָליר.

אַ דאַנק דער אַקטיווער מיטווירקונג פון אונזערע שאָפּ־טשערלייטע איז דער „דרייוו" געווען אַ פאָלשטענ־דיגער ערפאָלג. לויט די אינסטרוקציעס פון דזשאָינט באָארד, האָבען די טשערלייט רעווידירט די ביכער פון אַלע אַרבייטער און די וועלכע האָבען ניט געקענט צו־שטעלען קיין ביכער זיינען אין גאַנצען באַזייטיגט גע־וואָרען. וואָס אַנבאַלאַנגט דאָס בייטען פון די יוניאָן־קאַרטען, קען מען מיט זיכערקייט זאָגען, אַז ביי דעם איצטיגען מאָמענט איז די מיטגלידערשאַפט פון לאָקאַל 22 העכער 92 פּראָצענט גוטשטעהענד. דאָס זעלבע איז אויך מיט לאָקאַל 89. וואָס אַנבאַלאַנגט די קאָ־טערס און די פּרעסערס זיינען מיר זיכער, אַז זיי־

# רעזאָלוציעס און באַגריסונגען

די ארבייטער פון „העכט און פאקס", 555 אכטע עוועניו, דריקן אויס א הארציגן דאנק צום ביזנעס־אידזשענט ברודער פייערשטיין פאר זיין גוטער ארבייט. אויך צו זייער שאפ טשערמאן בעני לערמאן פאר זיין הילף אין דער ארבייט. אלס אנערקענונג פאר ברודער פייערשטיין האבן די ארבייטער אים פרעזענטירט מיט א ווערטפולען ריסט־וואטש און ווינשען אים צו נוצען עס געזונטערהייט.

די קאמיטע: בעני, דזשעק, עדיסאן, פרענק, טשארלי, דניאל, זעליג און שעפער.

---

די ארבייטער פון „עדעלסאן און הענד" שאפ, 263 וועסט 38טע סטריט, דריקן אויס זייער טיפסטע אכטונג און אנערקענונג זייער שאפ טשערמאן, ברודער מאריס וואלינסקי, פאר זיין גוטער ארבייט און איבערגעבענהייט ביים פארטיידיגען די אינטערעסען פון די ארבייטער, און פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולער מתנה.

די ארבייטער דריקן אויך אויס זייער דאנק צום ביזנעס אידזשענט, ברודער גאלוב, און דעם אסיסטענט מענעדזשער, ברודער בעלסאן, פאר זייער איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון די ארבייטער פון דעם שאפ און גיבען זיי שיינע פרעזענטען.

די קאמיטע: מאריס נאטניק, אייב ברוקס און מעקס בערזשאנסקי, פון לאקאל 117; מאריס דעיוויס, פון לאק. 9; טשארלי קאפלאן, פון לאק. 35, און היימאן שלאסבערג, פון לאקאל 10.

---

מיר, די ארבייטער פון „דאטי רוטה דרעס שאפ" 245 וועסט 27טע גאס, דריקן אויס איינשטימיג אונזער דאנק און אנערקענונג צו אונזער שאפ־טשערמאן, ברודער ב. באטלער, פון לאקאל 22, פאר זיין גוטער און איבערגעבענער ארבייט פאר די יוניאן אינטערעסען. אלס אנערקענונג און דאנקבארקייט פרעזענטירען מיר אים מיט א שיינעם סעט זילבער.

מיר האפען, אז ער וועט ווייטער אנגיין מיט זיין גוטער ארבייט פאר אונזער שאפ און ווינשען אים מיט זיין פאמיליע געזונד, לאנגע יארען און פארנוצען דאס געזונטערהייט.

די קאמיטע: נייטהען סילווערשטיין, נייטהען נודעלמאן, דזשייקאב פעלדמאן.

---

מיר, די ארבייטער פון „אינדיקאטאר און קאפסקי", 214 וועסט 39טע סטריט, ביי א שאפ מיטינג, אין אפיס פון אונזער יוניאן, נעמען אן פאלגענדע רעזאלוציע:

אין אנבאטראכט, דאס ברודער קאפלאן, אונזער דיסטריקט מענעדזשער, איז אלעמאל אויף דער וואך, אז מיר זאלען קענען מאכען א לעבען אין שאפ; ווען מיר ווענדען זיך צו אים, איז ער אלעמאל אויפ'ן פלאץ מיט ראט און טאט; דארום באשליסט דער שאפ איינשטימיג, אלס אויסדרוק פון דאנקבארקייט, צו פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולען פרעזענט. מיר ווינשען אים ער זאל עס נוצען געזונטערהייט, און מיר האפען, אז ער וועט פארזעצן די גוטע ארבייט אויך אין דער צוקונפט.

צו דער זעלבער צייט דריקן מיר אויך אויס אונזער אנערקענונג צו אונזער געוועזענעם ביזנעס אגענט, ברודער הוירמאן מיט א ווערטפולען פרעזענט. דורך זיין ענערגיע און מי אלס ביזנעס אידזשענט, איז דער שאפ איצט געווארען א ביישפיל פון א יוניאן שאפ.

אויך דריקן מיר אויס אונזער דאנק צו ברודער קעניגסבערג פאר זיין סעטלען די פרייזען פאר די פינישערס. ער טוט אלעמאל דאס בעסטע וואס נאר מעגליך צו דער צופרידענהייט פון די פינישערס.

א ספעציעלען דאנק דריקן מיר אויס דעם מענעדזשער פון לאקאל 117, ברודער לואיס ליווי; אסיסטענט מענעדזשער, ברודער גאלאפ, און מענעדזשער פון לאקאל 9, ברודער סארקין, פאר נעמען אנטייל אין אונזערע שאפ אינטערעסען און פאר געבען די נויטיגע הילף און קאאפעראציע ווען מיר ווענדען זיך צו זיי.

מיר ווינשען זיי אלע לאנגע יאר און זיי זאלען קענען פארזעצן די גוטע ארבייט אויף ווייטער פאר אונזער שאפ, און פאר אלע קלאוקמאכער בכלל.

די קאמיטע: סעם סארני, פרידמאן און גלאזמאן, פון לאק. 117; ראזענבערג, קאהן און ווינער, פון לאקאל 35; גרייפער, קופער, סעם גלאזער, ווינדט און דזשוליוס ראזענבלום, פון לאקאל 9.
סעם קאהן, לאקאל 117, שאפ טשערמאן.

---

ווען אונזערס א מיטגליד, הערי דאמבראוסקי, א קאטער, האט געוואונען א „קאפ". דאס איז פיל צו פארדאנקען אונזער „קאוטש" הערי גוירסאן, וועלכער איז גוט באקאנט אין די אטלעטישע קרייזען פון מאנטרעאל.

אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט האט אויך ארגאניזירט בייז־באל טימס פון מענער און פרויען. דער מענער־טים פראקטיצירט יעדען דאנערשטאג אווענט און זונטאג פריה אויף פלעטשערס פילד. די פרויען פראקטיצירען יעדען מאנטאג אווענט אויפ'ן זעלבען פלאץ.

אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט האלט איצט אין ארגאניזירען א בייסיקעל־קלאב. אין דעם קלאב וועלען אריינגעהן מיידלאך וועלכע האבען ליב ארויסצופאהרען אויף א שפאציר מיט א בייסיקעל. די מיטגלידער וועלען פראקטיצירען יעדען זונטאג פריה, ספאהרענדיג פאר א שפאציר אין די ארומיגע פארשטעט.

אונזער יוניאן בכלל שטרעבט צו דינען אונזערע מיטגלידער ניט בלויז אויפ'ן עקאנאמישען געביט נאר אויך אויפ'ן געזעלשאפטליכען, און דערמיט מעהר פארשטארקען דעם צובונד פון די מיטגלידער צו דער יוניאן.

---

מיר, די ארבייטער פון אלע קארפוס לידערמאנ'ס שעפער, פארזאמעלט אין אפיס פון דער דזשאינט באארד, 131 וועסט 33טע סטריט, דריקן אויס אונזער אנערקענונג פאר דער גוטער ארבייט, דורך ווערטפולע פרעזענטען, צו אונזער ביזנעס אידזשענטס, ברודער בלאק. אויך צו ברודער וואלאך פאר טרייען זיין בעסט ביים סעטלען די פרייזען פאר די פינישערס, און אויך צו אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער סלוצקי.

מיר ווינשען זיי צו פארנוצען עס געזונטערהייט, און זאל דאס זיי עדמוטיגען פאר ווייטערדיגער גוטער און בעסערער ארבייט.

מיט פיל אכטונג,

די קאמיטע: אייב טשערנאוו, י. איזנבער, איזידאר סמיט, הערי פיטערס, לואיס קאפלאן, איזידאר שאפירא, סעם שולמאן, סעקרעטער.

---

מיר, די אפערייטארס פון דזשאזעף קריילער, פון 500 זיבעטע עוועניו, דריקן אויס אונזער אנערקענונג צו אונזערע פארטרעטער, דיסטריקט מענעדזשער, בענדזשאמין קאפלאן, און צו אונזער פרייז־אדזשאסטער, יאנקעל מילער, און צו אונזער ביזנעס אגענט, פיליפ הערמאן. מיר דאנקען זיי פאר זייער איבערגעבענער און ענערגישער ארבייט צו אונז און פאר זייער באמיען זיך צו קריגען פאר אונז דאס בעסטע אונטער די אומשטענדען. מיר אנערקענען זייער ארבייט. אויך א ספעציעלען דאנק צו אונזער מענעדזשער פון לאקאל 117, ברודער לואיס ליווי.

אונטערצייכענט — די קאמיטע:

בען זיק — פון בערנסטיין־מינקאף שאפ.
סיימאן סאלאמאן — פון גאלדמאן שאפ.
א. גאלדשטיין — פון בוירט'ס שאפ.
וויליאם קאפלאן — פון סאקס־קאהען שאפ.
סעמיועל גאלדאפסקי — פון האי־ארט שאפ.
פעלדמאן — פון סאלאן שאפ.

---

מיר, די געוועזענע ארבייטער פון די „ריעל קאוט קאמפאני, 252 וועסט 37טע סטריט, דאנקען הארציג אונזער ביזנעס אגענט, ברודער קעניגסבערג, פאר זיין טרייהייט און איבערגעבענהייט צו די ארבייטער פון דעם שאפ. נאכהער ווי די דזשאבערס זיינען ארויס פון ביזנעס און דער קאנטראקטאר האט אויפגעגעבן דעם שאפ, האט ער אנגעווענדעט אויסערגעוויינליכע ענערגיע צו באוועגן די דזשאבערס אז זיי זאלען ווייטער שטיין אין ביזנעס, און צו אונזער אלעמענס גליק, איז עס אים געלונגען, און דערצו נאך, אז אנשטאט, ווי פריער, צו ארבייטען ביים קאנטראקטאר, האט ער איינגעפירט דעם שאפ אינסייד. מיר דאנקען אים עפענטליך פאר זיין באמיאונג פאר אונז, וויל ווען ניט זיין אמת'ע טרייהייט און איבערגעבענהייט, וואלטען מיר אריינגעפאלען אין דעם ים פון ארבייטסלאזיגקייט. מיר האפען אז ער וועט אויך ווייטער אזוי האנדלען אין די אינטערעסען פון די ארבייטער, וועמען ער פארטרעט.

רעזאלוציאנס קאמיטע:
י. גארדאן, טשערמאן; ס. וואלאנסקי, סעם טשימעס, ראוז קאפלאן, אברהם זעליקאוו.

---

מיר, די ארבייטער פון דזש. פ. דיטמאן שאפ, 512 — 7־טע עוועניו, ניו יארק, פארזאמעלט ביי א שאפ מיטינג, מיטוואך, דעם 9־טען מערץ, אין אפיס פון אונזער דזשאינט באארד קלאוקמאכער יוניאן, האבען באשלאסען איינשטימיג אויסצודריקען אונזער אנערקענונג צו אונזער דיסטריקט מענעדזשער ברודער מאריס פיינבערג און צו אונזער ביזנעס אגענט ברודער מאקס גאלדשטיין, פאר זייער אויפפאסען אויף אונזערע שאפ אינטערעסען פיהיג און ענערגיש צו דעם צופרידענהייט פון אלע ארבייטער.

אלס אויסדרוק פון אונזער אנערקענונג, פרעזענטירען מיר ברודער גאלדשטיין מיט א ווערטפולע מתנה א שיינעם ראדיא סעט.

ביי דער געלעגענהייט ווילען מיר באדאנקען אונזער ארויסגייענדען טשערמאן ברודער פיליפ דינסטאג, פאר זיין איבערגעגעבענער ארבייט אין אפהיטען אין שאפ אונזערע יוניאן אינטערעסען.

דזש. ליווי, נייער שאפ־טשערמאן.
איזי גאלער, לאקאל 9; אבטשי אלטמאן, לאקאל 117; לואי קאנוואי, לאקאל 10; פסח קאלעגמאן, לאקאל 35.

---

מיר די ארבייטער פון „פרידענבערג און סטיינמאן", 260 וועסט 39־טע סטריט, האבען באשלאסען איינשטימיג צו פרעזענטירען אונזער שאפ־טשערמאן ברודער לואי איגלאווסקי, פון לאקאל 117, מיט א גאלדענע ריסט וואטש, פאר זיין געטרייע און איבערגעגעבענע ארבייט צו גונסטען פון אונזער שאפ. מיר פרעזענטירען אויך ברודער מאריס איינגערמאן, א קאמיטע מאן, וועלכער האט אלע מאל געהאלפען אונזער טשערמאן אין זיין שווערער ארבייט פאר'ן וואוילזיין פון אונזער שאפ, מיט א ווערטפולען סעט סילווער, זאלען זיי עס נוצען געזונטערהייט און ווייטער פארזעצן זייער ארבייט פאר אונזער שאפ.

אין דער זעלבער צייט באדאנקען מיר אונזער ביזנעס אגענט ברודער מעקס גאלדשטיין, פון לאקאל 35, פאר זיין אויף דער וואך אלע מאל און מיט זיין איבערגעבענהייט אונז מיטגעהאלפען אנצוהאלטען יוניאן באדינגונגען און ברודערליכע באציהונגען אין אונזער שאפ, און אלס אנערקענונג פרעזענטירען מיר אים מיט א גאלדענע פאונטיין פען. מיר באדאנקען אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער מאריס פיינבערג, פאר מאכען מעגליך דאס מיר זאלען באהאנדעלט ווערען אין סלעקטיים, ווי גלייכע קינדער אין דער פראגע פון גלייכע צוטיילונג פון ארבייט. מיר ווינשען אים געזונט פארצוזעצן זיין געווינשטע ארבייט פאר אונז און פאר אלע ארבייטער.

מיט ברודערליכען דאנק, די קאמיטע.
אירווינג טוכמאן, לאקאל 117; סעם רייך, לאקאל 117; איזי ראטשטיין, לאקאל 9; סעם זעפלין, לאקאל 9; הערי ברענער, לאקאל 35.

---

## טשערמאן פון דער באארד און דירעקטארס אין פילאדעלפיע געעהרט ביי באנקעט.

די ארבייטער פון „רודלאף און מארגיד'ס שאפ" אין פילאדעלפיע, האבען געעהרט דעם טשערמאן פון די פרעסערס אין זייער שאפ ברודער נייטהען גרינבערג, פאר זיין גוטער ארבייט אלס טשערמאן אין שאפ און אלס טשערמאן פון דער באארד און דירעקטארס פון דער קלאוק דזשאינט באארד.

ביים באנקעט זיינען אנוועזענד געוועזן די ביזנעס אידזשענטס, סיגעל פון לאקאל 45 און מלמד פון לאקאל 50; מיטגלידער פון די עקזעקוטיוו באארדס און אקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאן. בלומען זיינען צוגעשיקט געווארען פון די ארבייטער פון שאפ און פון לאקאל 45. ברודער גרינבערג, האט אויך באקומען א שיינע מתנה.

# די אינטערנעשאָנאַל ביי דער אַרבייט אין מאָנטרעאָל

פון בערנאַרד שעהן
גענעראַל אָרגאַניזער א. ל. ג. וו. י.



ײ אונז אין דער דרעסמאַכער יוניאָן איז איצט זעהר לעבעדיג. עס ווערט דיסקוטירט אַ זעהר וויכטיגע פראַגע. דאָס איז די פראַגע וועגען העכערן די דיוס פון 25 סענט צו 35 סענט. די העכערונג איז רעקאָמענדירט געוואָרען פון דזשאָינט באָארד כדי מ'זאָל קענען דעקען די לויפענדע אויסגאַבען פון דער יוניאָן. די דרעסמאַכער יוניאָן איז, לויט דער צאָהל מיטגלידער, איינע פון די גרעסטע יוניאָנס אין לאַנד מיט אַ גרויסען קאָמפּעטענטען אַפּאַראַט צו טאָן די אַרבייט פאַר די מיטגלידער אָבער אין דער זעלבער צייט איז דער דיוס-אָפּצאָהל קלענער ווי אין פילע אומבאַדייטענדע יוניאָנס. אין דער ערשטער צייט האָט דער גענעראַל-אָפיס סובסידירט מיט אַ ברייטע האַנט די דרעס-מאַכער יוניאָן, אָבער די סובסידיע האָט זיך אָפּגעשטעלט פון זינט די יוניאָן האָט געשלאָסען אַ קאָלעקטיווען אַגרימענט מיט די בעלי-בתים. זינט דאַן מוז די יוניאָן זיך אַליין פינאַנסירען און דאָס איז אונמעגליך לויט דער איצטיגער דיוס-איינקונפט. די יוניאָן קאָן ניט דעקען איהר בודזשעט און מוז אָפּערירען מיט אַ דעפיציט. דאָס איז די אורזאַך וואָרום די דזשאָינט-באָארד האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען אַז די אויבענדערמאָנטע העכערונג אין דיוס-אָפּצאָהלונג זאָל דורכגעפיהרט ווערען.

ווי געזאָגט, האָט די פראַגע אַרויסגערופען אַ זעהר לעבעדיגע דעבאַטע צווישען דער ברייטער מיטגלידערשאַפט און די לעבעדיגקייט פון דער דעבאַטע האָט באַצייכענט ווי ערנסט די מיטגלידער באַציהען זיך צו די פראָבלעמען פון דער יוניאָן. פרייטאָג, דעם 20טען, האָט געזאָלט פאָרקומען אַן אַלגעמיינער מיטינג פון די מיטגלידער וואו די זאַך האָט באַדאַרפט ענטגילטיג באַשלאָסען ווערען. האָט זי דאָבער געמאַכט, אַז אין יענעם טאָג האָט שטאַרק גערעגענט און צוליב'ן רעגען האָבען מיר געהאַט מורא, אַז דער מיטינג וועט ניט זיין באַזוכט ווי ס'איז נויטיג ביי דער אָפּשטימונג פון אַזאַ וואָכטיגער פראַגע. האָבען מיר דעם מיטינג אָפּגעלייגט אויף דעם 3טען יוני. מיר האָבען געשיקט ביזנעס-אייזשענטס צו די שעפער צו לאָזען וויסען די מיטגלידער, אַז דער מיטינג איז אָפּגעלייגט. די דאָזיגע וויכטיגע פראַגע וועט דעריבער קאָנען דיסקוטירט ווערען נאָך אַ פּאָר וואָכען. לויט די שטימונגען צווישען די מיטגלידער קאָן מען ערוואַרטען, אַז די מאַיאָריטעט וועט גוטהייסען די רעקאָמענדאַציע פון דער דזשאָינט-באָארד וואָס איז שוין גוטגעהייסען געוואָרען פון די עקזעקוטיווע-באָארדס און שאָפּ-טשערליים וואָס צילט צו שטעלען די דרעס-מאַכער יוניאָן אויף אַ געזונטען פינאַנציעלען באַזיס.

דערווייל געהט אָן אַן אינטענסיווע טעטיגקייט אין דעם דרעסמאַכער לאָקאַל. די באָארד אָוו דירעקטאָרס האָט באַשלאָסען אָנצושטעלען צייטווייליג צוויי עקסטראַ ביזנעס-אייזשענטס צו אַרויסהעלפען אין דער אַרבייט. איינע פון די אַרבייטען איז איינצומאָנען „דיוס" פון צוריקשטעהענדע מיטגלידער.

## אין דעם „אַפּטאַון" דיסטריקט

אין דעם "אַפּטאַון" דיסטריקט, וואו עס זיינען קאָנצענטרירט די שעפער וועלכע מאַכען מעהרסטענס אַ ביליגערע ליין, האָבען מיר פאַר אַ שטיק צייט אָנגעפיהרט אַן אינטענסיווען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין. דאָס איז אייגענטליך געווען מעהר ווי אַ געוועהנליכער אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין. עס איז געווען אַ ביטערער קאַמף ווייל די בעלי-בתים האָבען גענען אונז אָנגעווענדעט פּשוט'ע טעראָר-מיטלען. זיי האָבען גענוצט שפּיאָנען גענען די אַרבייטער פון די דאָרטיגע שעפער און אויך געמאַכט „פריים-אַפּס" אויף די פיהרער און טוער פון דער יוניאָן.

ווען דאָס אַליין וואָלטען זיי געוועהן העלפט ניט, האָבען זיי געמאַכט אַ שריט פאַר וועלכען מיר זיינען אָפּילו זיי גרייט צו באַגריסען. זיי האָבען, נעמליך, געהעכערט דעם לוין פון די אַרבייטער און ספּעציעל פון די קאַטערס כדי פון זיי אָפּצוקנעמען דעם חשק אָנצושליסען זיך אָן אונזער יוניאָן. מיר האָבען דערווייל באַשרענקט אונזער אָרגאַניזאַציאָנס-קאַמפּיין אין דעם דיסטריקט אָבער מיר האַלטען אַ שאַרף אויג אויף אים און מיר קענען פאַרזיכערן סיי די בעלי-בתים און סיי די בעלי-מלאכות פון די אַפּטאַון-שעפער, אַז אויב די בעלי-בתים וועלען אָנהויבען „טשיזלען" בנוגע די לוין-העכערונגען וואָס זיי האָבען לעצטענס געגעבען וועלען מיר קומען צוריק און ווידער באַנייען אונזער אָרגאַניזאַציאָנס-קאַמפּיין ווי פריער.

וואָס איז שייך דעם סטרייק גענען דער „אידיעל דרעס קאָ.", וואָס איז שוין אַלט 24 וואָכען, פיהרען מיר נאָך אַן כאָטש מיט אַ קלענערער צאָהל סטרייקערס, ווייל די גרעסטע טייל האָבען מיר איינגעאָרדענט אין אַנדערע שעפער. אויב די פירמע האָט געמיינט, אַז זי וועט אונז איינמאַטערן זעהט זי איצט איין, אַז עס איז אַ טעות. די פירמע פיהלט שוין אַז זי צאָהלט אַ שווערען פּרייז פאַר איהר עקשנות'דיגען קאַמף גענען אונז. עס איז ניט קיין חידוש וואָס די דאָזיגע פירמע האָט איצט זעהר ווייניג אַרבייט פאַר אירע סטרייקברעכער. גרויסע יוניאָנס איבער'ן לאַנד ווייסען וואָס פאַר אַ באַציאונג זיי דאַרפען האָבען צו די דרעסעס וואָס ווערען געמאַכט פון אַ יוניאָן-פראָטעסטרישע פירמע. אַלס ביישפּיל וויל איך דערמאָנען דעם פאַקט וואָס די קוילען-גרעבער פון נאָוואַ-סקאָשיאַ האָבען ביי זייער קאָנווענשאָן באַשלאָסען צו באָיקאָטירען די דרעסעס פון דער „אידיעל דרעס קאָ.". אונזער מיטגלידערשאַפט שאַצט אָפּ זעהר שטאַרק אָט דעם אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט וואָס די מיינערס פון נאָוואַ-סקאָשיאַ און אַנדערע אַרבייטער ווייזען אונז אַרויס אין דעם ביטערען קאַמף.

עס איז וויכטיג צוצוגעבען, אַז די בעלי-בתים פון די אַפּטאַון-שעפער האָבען געמאַכט אַ פאַרזוך צו שטערען דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט וואָס מיר האָבען געשלאָסען מיט דער מאַנופאַקטשורערס גילד. די לעגאַליזירונג פון דעם אַגרימענט איז ערשינען אין דער „אָפישעל גאַזעט" דעם 16טען אַפּריל. 30 טעג נאָך דעם דאָזיגען דאַטום, דאָס איז דעם 16טען מאַי, האָט דער אַרבייטס-מיניסטער גערופען אַ קאָנפערענץ פון די פאַראינטערעסירטע צדדים אין דער דרעס אינדוסטרי צו העררען אויב עס זיינען פאַראַן אויסזעצונגען גענען דעם אַגרימענט. די „אַפּטאַון" בעלי-בתים האָבען געבראַכט אַ היבש ביסעל „געגנער". דאָס זיינען געווען פאַבריקאַנטען פון „טשילדרענס וועיר", „האָוזשערי", „לינזשערי", „ניט-גודס" און וואָס ניט, און זיי זיינען אַלע געווען גרייט צו טענה'ן, אַז דער אַגרימענט טויג ניט פאַר זיי. פאַרשטייט זיך, אַז איידער זיי האָבען געהאַט צייט אויסצוזעצען גענען דעם אַגרימענט האָבען מיר אויסגעזעצט גענען זיי. וואָס פאַר אַ מחותנים, האָבען מיר זיי געפרעגט, זענט איהר צו אַ דרעסמאַכער קאָוד? וואָס האָט איהר זיך צו מישען אין אַן אַגרימענט וועגען קליידלעך? דער מיניסטער האָט טאַקע ענטשיידעט, אַז זייערע טרעידס האָבען גאָרניט צו טאָהן מיט'ן קאָלעקטיווען אַגרימענט פון דרעס-טרעיד. זיינען די חשבונות פון די „אַפּטאַון" בעלי-בתים דערווייל צושטערט געוואָרען. דער מיניסטער האָט זיי געגעבען אַ טערמין פון 15 טעג זיי זאָלען אין דער צייט צושטעלען אַ מעמאָראַנדום אין וועלכען זיי זאָלען אָנגעבען לאָגישע אורזאַכען — אויב זיי האָבען אַזעלכע — וואָרום דער קאָלעקטיווער אַגרימענט זאָל ניט אַריינגיין אין קראַפט.

## אין קלאָוקס-דעפּאַרטמענט

אונזערע קלאָוקמאַכער האָבען פאַרענדיגט אַ סעזאָן וואָס איז אין אַלגעמיין, אין פאַרגלייך ווי אין אַנדערע שטעט, ניט געווען קיין שלעכטער. דער סעזאָן האָט געדויערט פון אָנפאַנג יאַנואַר ביז נאָך פסח.

איצט זיינען די קלאָוקמאַכער פאַרנומען מיט נייען אַ פּאָר טעג אין וואָך ווייסע אַרבייט. אָט-די ווייסע אַרבייט האָבען מיר צוריקגעקראָגען פון אַנדערע פּלעצער. עס איז אויך אָט דעם געביט אָנגעגאַנגען אַ היבש ביסעל „אָווערלעפּינג". ווען די יוניאָן איז געווען שוואַך איז די ווייסע אַרבייט צוטראָגען געוואָרען אין אַלערליי שעפער אויסער די קלאָוק-שעפער. מען האָט עס געמאַכט אין דרעס-הייזער און אָפּילו אויך אין שעפער פון מענער-קליידער. ווען די יוניאָן איז געוואָרען שטאַרקער האָט זי באַשלאָסען, אַז אָט-די הפקרות מוז אָפּגעשאַפט ווערען און אַז קלאָוקס מוז געמאַכט ווערען נאָר אין קלאָוק-שעפער. אַזוי אַרום האָבען מיר איצט — מען קאָן עס אָנרופען — אַ נייעם סעזאָן פון „ווייסע אַרבייט", אַ סעזאָן וואָס גיט אַ פּאָר טעג אין וואָך אַרבייט פאַר אַ משך פון 5 אָדער 6 וואָכען.

אויך זיינען אונזערע קלאָוקמאַכער פאַרנומען איצט אין נייען סעמפּעלס פאַר דעם הערבסט סעזאָן.

## די עמבראָידערי סיטואַציע

אין דעם עמבראָידערי טרעיד הערשט איצט אַזאַ סיטואַציע וואָס קאָן באַצייכענט ווערען ווי אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם.

עס האַנדעלט זיך אין דעם וואָס לעצטען האַרבסט, נעמליך דעם 10טען סעפּטעמבער, האָבען מיר געשלאָסען אַן איין יאָהר אַגרימענט מיט די בעלי-בתים. דאָס איז געווען דער ערשטער אַגרימענט וואָס די דאָזיגע נייע עמבראָידערי יוניאָן האָט געשלאָסען.

אין לויף פון דעם יאָהר האָבען די בעלי-בתים באַדאַרפט אונטערהאַנדלען מיט אונז ערשטענס וועגען לעגאַליזירען דעם אַגרימענט און צווייטענס וועגען איינשטעלען מינימום-לוין סקיילס. זיי האָבען אָבער געזוכט אַרויסצודרעהען זיך פון דעם און מיר, פון אונזער זייט, האָבען ניט געוואָלט אָנווענדען קיין שטרענגע מיטלען ווי אַ סטרייק, שוין דערפאַר אַליין, ווייל דער אַגרימענט איז געווען פאַר אַזאַ קורצער צייט ווי בלויז איין יאָהר.

איצט אָבער, אַז עס דערנעהנטערט זיך שוין די צייט ווען דער אַגרימענט געהט אויס, האָבען די בעלי-בתים עפּעס דערפיהלט, אַז מיר וועלען צום קומענדען יאָהר ניט זיין גלייכגילטיג, ווילען זיי שוין פאַרהאַנדלען מיט אונז וואָס גיכער. איצט איילען זיי זיך שוין. זיי מיינען, אַז ווען מען וועט פאַרהאַנדלען איצט, ווען עס איז שטיל אין טרעיד, ווייניג אַרבייט אין די שעפער, וועלען זיי ביי אונז כאַפּען מציאות. אָבער מיר איילען זיך גראָדע ניט. מיר האָבען אונזערע פאָדערונגען און וועלען באַשטעהן אויף זיי און זיינען גרייט צו קעמפען פאַר זיי אָפּילו דורך סטרייקס, כדי צו קריגען זיי ווייל מיר פיהלען, אַז זיי זיינען נויטיג פאַר די אַרבייטער אין טרעיד.

## אַ שטיק פאַריז אין מאָנטרעאָל

אין די שטאַטען האָט מאָנטרעאָל אַ נאָמען אַלס די „אַמעריקאַנער פאַריז". אָבער אונזער דרעסמאַכער לאָקאַל געהט טאַקע אַריינברענגען אַ שטיק אמת'ע פאַריז אין מאָנטרעאָל.

אונזער דרעסמאַכער לאָקאַל האָט נעמליך באַשלאָסען דורכצופיהרען אַ „באַל מידינעט" אויף דעם זעלבען אופן און לויט דער טראַדיציע ווי אין פאַריז. מיט אַנדערע ווערטער, ס'איז אַ באַל לויט דער פאַריזער מאָדע.

דער באַל וועט פאָרקומען דעם 22טען יוני, אין דער 65טער אַרמאָרי, אויף פּיין עווענו. די שפּראַך, די טענץ, די פאַרוויילונג וועט זיין הונדערט פּראָצענט פראַנצויזיש, לויט'ן פאַריזער נוסח. פראַנצויזישע געזאַנג און „סקעטשעס" ווי אין די פאַריזער שאַנטאַנען. אונזערע פראַנצויזישע מיטגלידער גרייטען זיך מיט באַגייסטערונג צו דער דאָזיגער גרויסער געשעעניש. עס וועט, נאַטירליך, אויך זיין אַ „פעשאָן-פּאַראַד", די שענסטע מיידלאַך-מאָדעלען וועלען פאַראַדירען מיט די שענסטע קליידער.

צווישען די פראָמינענטע געסט וועלכע האָבען שוין אָנגענומען די איינלאַדונג צום „באַל-מידינעט" זיינען: אַדהעמאַר ריינאַ, דער מעיאָר פון מאָנטרעאָל; האָנ. פערנאַן ריינפרע, פעדעראַלער סעקרעטערי אָוו סטייט; האָנ. ט. בושאַרד, פיהרער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיע אין קוויבעקער לעדזשיסלייטשור; האָנ. קלעאָפאַס באָסטיע, פּראָמינענטער דעפּוטאַט פון קוויבעקער לעדזשיסלייטשור און אַנדערע.

## אונזער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט

אונזער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט האָט, קאָן מען זאָגען, אויפגעשטעלט אונזער יוניאָן אויף דער מאַפּע אין מאָנטרעאָל.

איך מיין די ספּאָרט אַקטיוויטעט וואָס דער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט האָט ענטוויקעלט אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ באָקסינג-טים, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט זיך ערוואָרבען אַ נאָמען אין די ספּאָרט-קרייזען פון קאַנאַדע.

אונזער באָקסינג-טים האָט זיך באַטייליגט אין 8 „גאָלדען-גלאָוו טורנאַמענט" וואָס איז פאָרגעקומען אין פאָרום דעם 2טען, 3טען, 4טען, 6טען און 7טען מאַי, און ס'איז געווען אַ גלענצענדער זיג פאַר אונזער „טים"

WITH SPECIAL ENGLISH SUPPLEMENT

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX. No. 7 | Jersey City, N. J., July, 1938 | Price: 10 Cents

## דאָס געזעץ וועגן אַ מאַקסימום אַרבייטס־וואָך און אַ מינימום אַרבייטס־לוין

אונז מעג דאָס אָנגענומענע געזעץ אין קאָנגרעס וועגן אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־צייט ניט איבעריגס געפעלן זיין, ווייל דער מינימום איז אַ צו קליינער און דער מאַקסימום אַ צו גרויסער, אָבער קיינער קען דאָך ניט פאַרלייקענען, אַז עס איז דאָך אַ גרויסער פּראָגרעס אין דער אַמעריקאַנער געזעצגעבונג. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז מיט 33 יאָר צוריק, אין 1905, האָט דאָס העכסטע געריכט פון לאַנד ערקלערט פאַר אונקאָנסטיטוציאָנעל אַ געזעץ פון דעם שטאַאַט ניו יאָרק, וואָס האָט פאַרבאָטן צו אַרבייטן אין בעקערייען מער ווי צען שטונדען אַ טאָג. דאָס העכסטע געריכט האָט נעמליך ערקלערט, אַז אַזאַ געזעץ באַצוועקט צו רעגולירען די אַרבייטס־שטונדען און די קאָנטראַקטען צווישען די באַלעבאַטים און זייערע אַרבייטער און דאָס איז אַן אונקאָנסטיטוציאָנעלע באַשרענקונג פון זייער פרייהייט.

דאָס געזעץ וועגן אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־צייט איז אַ סך אַ גרעסערע באַשרענקונג פון דער פרייהייט פון קאָנטראַקט צווישען די באַלעבאַטים און זייערע אַרבייטער, אָבער מען איז זיכער, אַז דאָס העכסטע געריכט וועט עס ניט ערקלערען פאַר אונקאָנסטיטוציאָנעל. האָט דאָך פאַריגען יאָר דאָס העכסטע געריכט ערקלערט פאַר קאָנסטיטוציאָנעל דאָס געזעץ פון שטאַאַט וואַשינגטאָן, וואָס האָט איינגעפירט אַ מינימום אַרבייטס־לוין פאַר פרויען.

דאָס אָנגענומענע געזעץ גיט געוויס די אַרבייטער אַ סך ווייניגער ווי זיי האָבען דערוואַרט. די אָרגאַניזירטע אַרבייטער גיט ער דירעקט אייגענטליך גאָר נישט. דער מינימום אַרבייטס־לוין פאַנגט זיך אָן מיט 25 סענט אַ שטונדע און מיט 44 אַרבייטס־שטונדען אַ וואָך, דערגרייכט אין נעקסטען יאָר ביז 30 סענט אַ שטונדע און 42 אַרבייטס־שטונדען אַ וואָך און דאַן שטעלט זיך עס אָפּ און וועט מעגליך אין מערערע ערטער דאַרפען שלעפען זיך גאַנצע זיבען יאָר ביז דער אַרבייטסלוין וועט דערגיין צו 40 סענט אַ שטונדע. דאָס איז זיכער אַן ענטוישונג. ווען רוזוועלט האָט פאַרשפּראָכען אַ געזעץ וועגן אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־צייט האָבען די אַרבייטער דערוואַרט אַ סך בעסערעס. אָבער מען דאַרף דאָך געדענקען, אַז עס איז דאָס ערשטע מאָל, ווען אין דער אַמעריקאַנער געזעצגעבונג ווערט פאַרשריבען אַ געזעץ, וואָס גיט דער פעדעראַלער רעגירונג אַ רעכט צו זאָגען אַן אַרבייטס־געבער, אַז ער האָט ניט די פרייהייט צו צאָלען זיינע אַרבייטער אַזוי ווייניג ווי ער וויל און זיי הייסען אַרבייטען אַזוי פיל שטונדען וויפיל ער וויל.

די ערשטע פּראָבע צו רעגולירען אַרבייטס־לוין און אַרבייטס־צייט דורך דער רעגירונג איז פון רוזוועלט'ן געמאַכט געוואָרען דורך דער נ. ר. א. אָבער די נ. ר. א. איז באַטראַכט געוואָרען בלויז אַ צייטווייליגע איינריכטונג אין אַ נויט־צושטאַנד, בעת דאָס איצטיגע געזעץ וועגן אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־צייט איז אויף שטענדיג. און דאָס געזעץ געווינט אין באַדייטונג אויך דערמיט, וואָס עס ווערט דורך אים איינגעפירט אַ נייע גרויסע באַשרענקונג פאַר קינדער־אַרבייט. עס איז, אמת, ווייט ניט דאָס זעלביגע ווי דער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע וואָס ווערט געפאָדערט וועגן דעם פאַרבאָט פון קינדער־אַרבייט, אָבער עס דעקט דאָך אַ באַדייטענדען טייל פון דעם אַמענדמענט. און אַזוי ווי דער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע האָט באַגעגענט אַ זעהר שטאַרקען ווידערשטאַנד אין די לעגיסלאַטורען פון מערערע שטאַאַטען און מען קען פאַרלויפיג פאַר אים ניט קריגען די נויטיגע צאָל שטאַאַטען, אַז ער זאָל קענען אַריין אין קראַפט, געווינט דאָס געזעץ וועגן אַ מינימום אַרבייטס־לוין און מאַקסימום אַרבייטס־צייט אַ גאַנץ באַזונדערע באַדייטונג.

---

נאָר ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער פּרינציפּיעלער וויכטיגקייט פאַר דער אַמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט פון דעם געזעץ וועגן אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־צייט האָט עס דאָך ניט אַרויסגערופען קיין באַגייסטערונג ביי דעם גרויסען אַמעריקאַנער אַרבייטער עולם. דאָס איז איינפאַך צוליב דעם, וואָס אין אַמעריקאַ זיינען מיר איינגעוואוינט צו דערוואַרטען גלייך אויפ'ן אָרט ממשות'דיגע געווינסען פון אַ געוואונענעם קאַמף.

פאַר דעם לוין־ און שטונדען־געזעץ איז אָנגעפירט געוואָרען אַ לאַנגער פאַרביטערטער קאַמף. און ווען עס זיינען געמאַכט געוואָרען די ערשטע פּראָבען איינצופירען אַזאַ געזעץ האָבען די אַרבייטער זעהר פיל דערוואַרט. דער קאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגן אַ מאַקסימום אַרבייטס־טאָג פון 6 שטונדען. דאָס איז געווען דער געזעץ־פּראָיעקט פון געוועזענעם סענאַטאָר בלעק. און די שטימונג איז דעמאָלט געווען אַזוי גינסטיג פאַר דעם געזעץ־פּראָיעקט, אַז ער איז אָנגענומען געוואָרען אין סענאַט אָהן אַ שטאַרקער געגנערשאַפט און האָט געהאַט גוטע שאַנסען אויך אָנגענומען צו ווערען אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז. פּרעזידענט רוזוועלט איז אָבער געווען קאַלט צו דעם געזעץ־פּראָיעקט, ער האָט זיך ניט גוט אַריינגעפאַסט אין זיין נ. ר. א. און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער פיל פאַרשפּרעכענדער בלעק־ביל איז ווייטער פון סענאַט ניט געגאַנגען. עס זיינען שפּעטער געמאַכט געוואָרען אַנדערע פּראָבען דורכצופירען אין קאָנגרעס אַ געזעצליכען מאַקסימום אַרבייטס־טאָג, אָבער עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע, וואָס האָט באַקעמפט מיט אַלע אירע כחות די דורכפירונג פון אַזאַ געזעץ.

אין זיין וואַהל־קאַמפּיין פאַר אַ צווייטען טערמין האָט פּרעזידענט רוזוועלט פאַרשפּראָכען דורכצופירען אַ פעדעראַלען געזעץ, וואָס וועט זיין, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „אַ דאַך פאַר אַרבייטס־שטונדען און אַ פאָדלאָגע פאַר אַרבייטס־לוין". עס הייסט אַז עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערען די מאַקסימום צאָל שטונדען פון אַרבייט, וואָס טאָר ניט זיין העכער, און דער מינימום אַרבייטס־לוין, וואָס טאָר ניט זיין נידעריגער. ער האָט אין זיין פאַרשפּרעכען ניט געזאָגט וואָס עס וועט זיין דער מאַקסימום פון דער אַרבייטס־צייט און דער מינימום פון אַרבייטס־לוין, אָבער מען האָט געהאָפט, אַז עס וועט זיין גוט. רוזוועלט האָט געקראָגען אַ רעפּוטאַציע, אַז ער איז פריינדליך צו די אַרבייטער.

דער געזעץ־פּראָיעקט, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען שפּעטער אין קאָנגרעס אויף דעם גרונד פון רוזוועלט'ס פאַרשפּרעכען אין זיין וואַהל־קאַמפּיין, האָט אַרויסגערופען אַ רעכט ביסעל אַנטוישונג. דער פאָרגעשלאָגענער געזעץ האָט געפאָדערט אַ מאַקסימום אַרבייטס־וואָך פון 40 שטונדען און אַ מינימום אַרבייטס־לוין פון 40 סענט אַ שטונדע. מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר צוריק וואָלט עס געווען גאָר ניט שלעכט, אָבער איצט, ווען אין אַנדערע טריידס איז שוין איינגעפירט געוואָרען אַן אַרבייטס־וואָך פון ווייניגער ווי 40 שטונדען, אין אַנדערע, ווי די טריידס, וואָס ווערען קאָנטראָלירט פון דער אינטערנעשאַנאַל, 35 שטונדען, איז אַ מאַקסימום פון 40 שטונדען צו הויך. און דאָס זעלביגע מיט'ן מינימום אַרבייטס־לוין, וואָס מאַכט אויס 16 דאָלאַר אַ וואָך. די יוניאָנס האָבען שוין לאַנג אויסגעקעמפט אַ העכערען אַרבייטס־לוין. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פאַר'ן קאָנגרעס איז אויך אַזאַ געזעץ־פּראָיעקט געווען צו ראַדיקאַל. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ביטערער קאַמף און די געגנער האָבען געזיגט: דער געזעץ־פּראָיעקט איז געבליבען ליגען אויפ'ן פּאָליצע פון קאָנגרעס. פּרעזידענט רוזוועלט האָט גערופען אַ ספּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעס, אַז דער געזעץ־פּראָיעקט וועגן מינימום אַרבייטס־לוין און מאַקסימום אַרבייטס־צייט זאָל ווידער אויפגענומען ווערען און געמאַכט ווערען פאַר אַ געזעץ. אָבער אויך אין דער ספּעציעלער זיצונג פון קאָנגרעס איז רוזוועלט'ן ניט געלונגען דורכצופירען דעם פאָרגעשלאָגענעם געזעץ. ערשט אין דער באַנייטער רעגולערער זיצונג פון קאָנגרעס איז דער געזעץ־פּראָיעקט אויפגענומען געוואָרען אָבער אין אַ פאַרערגערטער פאָרם. אַנשטאָט עס זאָל גלייך איינגעפירט ווערען אַ מאַקסימום אַרבייטס־לוין פון 40 סענט אַ שטונדע, איז עס פאָרגעשלאָגען געוואָרען, אַז מען זאָל עס דורכפירען אין „אינסטאַלמענטס" אין דריי יאָר צייט. דאָס ערשטע יאָר אַן אַרבייטס־וואָך פון 44 שטונדען, דאָס צווייטע יאָר 42 שטונדען און 30 סענט אַ שטונדע, און דאָס דריטע יאָר 40 שטונדען און 40 סענט אַ שטונדע. אָבער אויך אָט דער פאַרערגערטער געזעץ־פּראָיעקט איז געווען צו גוט פאַר זיינע געגנער ביז זיי האָבען אויסגעפירט, אַז ער זאָל נאָך מער פאַרערגערט ווערען. עס זיינען נעמליך פאַרלענגערט געוואָרען די „אינסטאַלמענטס" אויף 7 יאָר. דאָס ערשטע יאָר 44 אַרבייטס־שטונדען און 25 סענט אַ שטונדע; דאָס צווייטע יאָר 42 שטונדען און 30 סענט אַ שטונדע און אין די נעקסטע פינף יאָר וועט די אַרבייטס־צייט דאַרפען פאַרקירצט ווערען ביז 40 שטונדען אַ וואָך און דער אַרבייטס־לוין וועט דאַרפען געהויבען ווערען ביז צו 40 סענט אַ שטונדע. עס מיינט, אַז אין 7 יאָר צייט מוז דער מאַקסימום אַרבייטס־צייט און מינימום אַרבייטס־לוין איינגעפירט ווערען, אָבער די אַדמיניסטראַציע וועט עס קענען דורכפירען אויך פריהער, ווען זי וועט געפינען, אַז די עקאָנאָמישע אומשטענדען פון די פאַרשיידענע אינדוסטריען וועלען עס ערלויבען.

---

וויפיל אַרבייטער אין לאַנד וועלען גלייך האָבען אַ ממשות'דיגען געווינס פון דעם אָנגענומענעם געזעץ?

עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, אַז בלויז אַכט הונדערט טויזענד אַרבייטער וועלען פּראָפיטירען פון דעם אָנגענומענעם געזעץ פאַר'ן ערשטען יאָר. עס הייסט אַזעלכע וואָס אַרבייטען איצט מער ווי 44 שטונדען אַ וואָך און קריגען ווייניגער ווי 25 סענט אַ שטונדע.

עס איז קלאָר, אַז די אַרבייטער פון לאַנד, וואָס האָבען דערוואַרט, אַז דורך אַ פעדעראַלען געזעץ זאָלען זייערע אַרבייטס־שטונדען פאַרקירצט ווערען און זייערע פאַרדינסטען זאָלען פאַרגרעסערט ווערען, האָבען ניט וואָס צו זיין באַגייסטערט. אייגענטליך וואָלטען די מייסטע פון זיי אויך ניט געהאַט וואָס צו זיין באַגייסטערט, ווען עס וואָלט אָנגענומען געוואָרען דער אָריגינעלער געזעץ־פאָרשלאַג וואָס האָט געפאָדערט די באַלדיגע איינפירונג פון אַ 40 שטונדיגע אַרבייטס־וואָך און אַ מינימום פון 40 סענט אַ שטונדע. אָבער די צאָל אַרבייטער, וואָס וואָלטען פּראָפיטירט פון אַזאַ געזעץ, וואָלט געווען אַ גאַנץ באַדייטענדע, זי וואָלט דערגרייכט מיליאָנען. איצט אָבער איז די צאָל, וואָס פּראָפיטירט עפּעס ממשות'דיגעס פון דעם געזעץ, ווענינגסטענס אין זיין ערשטער יאָר, א גאַנץ קליינע.

אָבער דאָך, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די אַמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט פּראָפיטירט ממשות'דיג אַזוי ווייניג פון דעם אָנגענומענעם געזעץ, האָט עס דאָך פאַר זיי אַ העכסט וויכטיגע באַדייטונג. עס איז אַ געזעץ, וואָס האָט געבראָכען אַן אַלטע איינגעפונדעוועטע קאַפּיטאַליסטישע טראַדיציע אין אַמעריקאַ, אַז די רעגירונג האָט ניט קיין רעכט צו זאָגען אַן אונטערנעמער וויפיל ער זאָל צאָלען זיינע אַרבייטער און ווי לאַנג עס זאָל זיין זייער אַרבייטס־צייט. אַלפרעד סלאָן.

# „יוניטי הויז“ עפענט זיך פאר'ן סעזאן דעם 3טען יוני

די „יוניטי הויז“ איז ערעפענט געווארען אונאפיציעל מיט א ספעציעלען מעמאריעל דעי וויק־ענד, און א גרויסע צאל געסט זיינען געקומען. די אפיציעלע ערעפענונג, אבער, פון „יוניטי הויז“ וועט פארקומען דעם 3טען יוני. אלע פארברייטונגען זיינען געמאכט געווארען פאר דעם גרויסען עולם, וואס דער וואונדערשעהנער זומער־פלאץ פון אונזער אינטערנעשאנאל אין די בלויע בערג פון פענסילווייניא האט וועןעס־איז געהאט צו אן ערעפענונג.

פאר דער אפיציעלער ערעפענונג איז צוגעגרייט געווארען אן אויסערגעווינליך רייכע פראגראם פון פארוויילונגען און אונטערהאלטונגען. דער מענעדזשער העלנער און די „שעפס“ גרייטען צו פאר דער ערעפענונג אזוינע מאכלים, וואס דער עולם וועט לאנג געדענקען. רעזערוואציעס פאר דער ערעפענונג קענען נאך געמאכט ווערען אין אפיס פון דער אינטערנעשאנאל, 6 וועסט 16טע סטריט.

רו, פארוויילונג, פארגעניגען — דאס זיינען די דריי זאכען, וואס מענשען זוכען ווען זיי פארען אין א זומער־פלאץ. אז פאר דעם איז די „יוניטי הויז“ צוגעגרייט בעסער ווי דער רייכסטער האטעל, ווייסען אלע, וועלכע זיינען דארט אמאל געוועז. אלע ווייסען אבער, אז אונזערע מעמבערס פון דער אינטערנעשאנאל שטעלען זיך ניט צופרידען מיט קערפערליכע פארגעניגענס אליין. זיי זוכען אויך צו באריכערען זייער גייסט צוזאמען מיט'ן קערפער. די „יוניטי הויז“ איז אויך פאר דעם צוגעגרייט היינטיגס יאר נאך בעסער ווי אין דער פארגאנגענהייט.

דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל האט צוגעגרייט אן אויסערגעווינליכע ליסטע פון לעקטארס, אלע ספעציאליסטען אין זייערע באזונדערע געביטען. צווישען די לעקטארס זיינען פאראן פראפעסארען פון פארשיידענע אוניווערזיטעטען, רעדאקטערע פון באוואוסטע ראדיקאלע צייטשריפטען, עקאנאמיסטען פון דער רעגירונג, טעאטער און ליטעראטור־קריטיקער פון באדייטענדען פארנעם. אויך די טעמאס, איבער וועלכע זיי ריידען, זיינען אזוי פארשידענארטיג און באלערנד, אז יעדער איינער וועט קענען געפינען אין די לעקציעס עטוואס, אין וועלכעס ער אדער זי זיינען באזונדערס פאראינטערעסירט.

פון 9טען ביז'ן 12טען יוני וועט אין „יוניטי הויז“ געהאלטען ווערען די יערליכע קאנפערענץ פון דער „ליג פאר אינדאסטריעל דעמאקראסי“.

## באראט זיך מיט אייער לאקאל אין אלע פראגען וועגען ארבייטס־לאזען בענעפיט.

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל באזארגט בלויז צו זען, אז איר זאלט קריגען וואס אייך קומט, נאכדעם ווי אייער אפליקיישאן איז אויסגעמאכט און מען רופט אייך צו א פארהער. אויסמאכען די אפליקיישאנס און אלע אנדערע רוטינע ארבייט וועט פאר אייך טאן אייער לאקאל יוניאן. פארשפארט זיך אומזיסטע צייט און גייט צוערשט אין אייער לאקאל. קומט אין אפיס פון דער אינטערנעשאנאל בלויז ווען מען שיקט אייך אהין.

---

ניו יארקער ארבייטער קענען איצט באשיצען זייער רעכט אויף ארבייטסלאזען פארזיכערונג דורך קריגען פון זייערע בעלי בתים זייער רעדזשיסטריישאן נומער. לויט א רולינג, וואס דער אינדאסטריעל קאמישאנער ענדריוס האט לעצטענס ארויסגעגעבען, מוז יעדער בעל הבית אויפהענגען אין שאפ אויף א פראמינענטען פלאץ דעם רעדזשיסטריישאן נומער וואס די רעגירונג האט אים געגעבען. פארצייכענט זיך דעם נומער פון אייער בעל־הבית און האלט עס אפילו נאכדעם ווי איר געהט אוועק פון דזשאב. דאס וועט אייך שפעטער צוניץ קומען ווען איר וועט זיך דארפען ווענדען נאך ארבייטסלאזען בענעפיט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 6. [illegible] June, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

## סלאוק אפערייטארס, שליסט זיך אן אן בר. 401 ארבייטער רינג

אין אפריל נומער „גערעכטיגקייט“ איז אפגעדרוקט אן אויפרוף פון פרעזידענט דובינסקי צו די ברייטע מאסען קלאוקמאכער זיך אנצושליסען אן דעם ארבייטער רינג, אנווייזענדיג אויף די גרויסע פארדינסטען פון דעם ארבייטער רינג צו דער אינטערנעשאנעל, ווי אויך דעם באשלוס צו אינדאסירען דעם ארבייטער רינג ביי אונזער לעצטער קאנווענשאן.

ערלויבט מיר דערפאר, אלס דער סעקרעטאר פון קלאוק אפערייטארס ברענטש, זאגען דורך די קאלומס פון דער „גערעכטיגקייט“ א פאר ווערטער צו די מיטגלידער פון לאקאל 117. ברענטש 401 פירט היינט צו טאג אן א קאמפיין פאר נייע מיטגלידער. אלס א יונגער אינטערנעשאנעל טרייד ברענטש זיינען מיר זייער טעטיג אויף פילע געביטען פון דעם קולטורעלען און געזעלשאפטליכען לעבען, ספעציעל אין די באוועגונגען, וועלכע שטרעבען צו בויען א בעסערע און שענערע וועלט.

מיר זיינען אויך אנגעשלאסען אין פילע ארגאניזאציעס און אינסטיטוציעס, וועלכע דינען דער ארבייטער־באוועגונג.

מיר נעמען אויך א גאנץ ברייטען אינטערעס אין די טראגישע געשעענישען פון די אידישע מאסען אין פילע טיילען פון דער וועלט און, נאך אונזערע מעגליכקייטען, העלפען מיר זיי מאראליש און פינאנציעל.

אין מאנאט מאי האבען מיר געפייערט אונזער דרייאריגען עקזיסטענץ. צו דער געלעגענהייט רופען מיר אונזערע געוועזענע מיטגלידער, ווי אויך די אלע וועלכע זיינען נאך נישט קיין מיטגלידער אין ארבייטער רינג, זיך אנשליסען אן אונזער שיינעם ברענטש און מיר פארזיכערען זיי א ברידערליכע און פריינדליכע אטמאספערע.

פאר מעהר אינפארמאציע ווענדעט זיך צום טשערמאן פון לאקאל 117, פריינד צוקערמאן, אדער צום סעקרעטער פון ברענטש, פריינד ג. קאטעל, אין אפיס פון לאקאל 117, 242 וועסט 36טע סטריט.

מיט פריינדליכען גרוס, ג. קאטעל, סעק.

---

## שיקט צו אייער יובילייאום אויסגאבע.

רבי ל. מישקין, פון שיקאגא, בעט אלע אינסטיטושאנס, פאראיינען, ארבייטער ארגאניזאציעס, לאקאלען, שולען א. א. וו. אים צוצושיקען זייערע יובילעאום אויסגאבעס, סיי לכבוד די ארגאניזאציעס, אדער לכבוד יחידים, וועלכע זיי האבען ארויסגעגעבען.

די אלע אויסגאבעס וועלען באנוצט ווערען פאר א גרויסען ביבליאגראפישען אינדעקס וועלכען ער גרייט צו צום דרוק. די צושיקערס וועלען אפיציעל דערמאנט ווערען און באדאנקט ווערען אין דעם בוך.

אדרעס: רבי ל. סי. מישקין, 3839 גרענשאו סט., שיקאגא, איל.

## סלאוק אפרייטארס יוניאן ל. 117 ארגאנזירט עקסקורשאן

די בילדונגס און פארוויילונגס קאמיטע פון לאקאל 117 וואס האט איצט פארענדיגט אן ערפאלגרייכען עדיוקיישאנאל ווינטער סיזאן, האט ארגאנזירט אן עקסקורשאן אויף שבת, אויגוסט דעם 17טען. איינע פון די פיינסטע און גרעסטע עקסקורשאן שיפען, די „סטייט אוו דעלעווער“, איז גענומען געווארען פאר'ן גאנצען טאג און וועט פארען קיין ראטאן פאינט, סאוטה נארוואלק, קאנעטיקוט.

דער בארימטער שולמאן בענד איז ארגאנזירט געווארען צו אמוזירען דעם עולם און פאר טאנצען.

אונזער קינדער מאנדאלין ארקעסטער גרייט צו א שיינעם פראגראם; דער סאקער טים פון אונזער לאקאל, די טשעמפיאנס פון אינטערנעשאנאל סאקער ליג וועט האבען א קאנטעסט מיט אן אנדער טים פון אונזער יוניאן, און אויסער דעם ארגאנזירען מיר אויך איינינע טאלאנטען צו פארוויילען די אנוועזענדע.

אבער, פונקט ווי אין די פריערינע אונטערנעמונגען אזוי אויך אין דעם פאל, זוכען מיר ניט קיין פראפיטען. די טיקעטס ווערען פארקויפט צו קאסט פרייזען — פאר ערוואקסענע 75 סענט און פאר קינדער ביז 12 יאר 40 סענט. ביים טיר וועט קאסטען $1.25.

מען קען שוין קריגען טיקעטס אין אפיס פון לאקאל 117 — 242 וועסט 36טע סטריט — און אין אלע דיסטריקט אפיסעס פון דזשאינט באארד פון ניו יארק און ברוקלין

באזארגט זיך גלייך מיט טיקעטס כדי איר זאלט צו אונז שפעטער ניט האבען קיין טענות.

עס וועלען אויך געגעבען ווערען דריי פרייזען צו די געווינער — א וואך וואקאציע אין יוניטי הויז, א ראדיא און א הויז־זייגער.

---

עס איז אויך ארגאנזירט געווארען א 5טע פארשטעלונג מיט „פינס און נידעלס“ אויף שבת נאכמיטאג, דעם 25טען דזשון. טיקעטס ווערען אויך דעם מאל פארקויפט צו קאסט פרייזען.

עס זיינען נאך פארבליבען א קליינע צאל טיקעטס און איר קענט עס קריגען ביי ברודער סטענזאר אין לאקאל 117 אפיס.

עדיוקיישאנאל קאמיטע, לאקאל 117, א.ל.ג.וו.י.
מ. פיינבערג, טשערמאן
י. סטענזאר, סעקרעטער.

---

## דאנקען דעם דיסטריקט מענעדזשער.

מיר די ארבייטער פון „גאטהאם שאפ“, 214 וועסט 39טע סטריט, באשליסען צו באדאנקען אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער בענדזשאמין קאפלאן, פאר זיין גוטער ארבייט, פאר זיין אימער אויף דער וואך, אז מיר זאלען האבען גוטע קאנדישאנס אין אונזער שאפ.

אויך באדאנקען מיר אונזער פרייז־אדזשאסטער, ברודער יאנקעל מילער, פאר זען צו סעטלען אלע פרייזען פאר אונזער שאפ. נאר זיין איבערגעבענהייט האט אונז געמאכט גוט צו פארדינען.

אויך באדאנקען מיר אונזער ביזנעס אגענט, ברודער איימען, פאר זיין גוטער און איבערגעבענער ארבייט פאר אונזער גאנצען שאפ.

אין דער זעלבער צייט האבען מיר זיי פרעזענטירט מיט ווערטפולע ארטיקלען, און מיר ווינשען זיי זאלען דאס נוצען געזונטערהייט. מיר ווינשען זיי לאנגע יארען פון טעטיגקייט פאר'ן וואויל און בעסטען פון אונזער יוניאן.

מאקס קאהען, שאפ טשערמאן.
די קאמיטע: אהרן שאפירא, לואי וואלדמאן,
ב. לומעוויטץ, מייער ראטענבערג, עריא שאכט — פון לאקאל 177.
ראשקין און גאלדשטיין — פון לאק. 9.
ווילי גערשטיין — פון לאקאל 35.
עקיבא לעווין — פון לאקאל 10.

---

## אנערקענונגס־רעזאלוציע

מיר די ארבייטער פון ה' ריימער'ס דרעס שאפ, דריקען אויס אונזער דאנקבארקייט צו אונזער געטרייען שאפ־טשערמאן, ברודער יעקב לער, פאר זיין טרייע אינערמידליכע ארבייט צום גוטען פאר אונזערע אינטערעסען.

בנימין מאיער, טשארלס אפאסט, ווילי ראזענבערג, מ. לומאניץ, קאמיטעט.